# *MESSIAH VISIONS*
*in*
*Leivick's dramatic poems*

*by*
*LEIVI SALIT*

הילע — י. ד. שײנזאָן

פאַרלאַג „אײנזאַם"

מינכען, אין דריטן שארית החורבן יאָר, תש"ח — 1947

געזעצט און געדרוקט — „יידישע צייטונג", לאַנדסבערג

Under the license of „Jewish Newspaper" of 12 May 1947, AG 383.7 GEC—AGO, EUCOM, CAD.

LANDSBERGER VERLAGSANSTALT
M. NEUMEYER, LANDSBERG A. LECH

לוי שאליט

# משיח-טרוימען

אין

# לייוויקס

## דראמאטישע

## פּאעמעס

# יידן זינגען: אַני מאַמין

## פון ה. לייוויק

יידן זינגען אין די בונקערס: אַני מאמין
בביאת המשיח אף על פי
אף על פי שיתמהמה אַני מאמין —
ער וועט קומען סיי פון דאָרטן, סיי פון הי.

יידן זינגען אין אַ לאַגער: אַני מאמין —
אַני מאמין, אַני מאמין אף על פי,
אַז אַפילו אַז ער זאַמט זיך אַני מאמין —
אַני מאמין ווי אַ מאמין אַ די־פי.

לאָמיר זינגען איצטער אַלע: אַני מאמין —
אויב מיר זינגען עס ניט — זינגט זיך עס סיי ווי.
סיי אין אָוונט, סיי באַגינען אַני מאמין
אף על פי שיתמהמה, אף על פי.

ער וועט קומען, ער מוז קומען — אַני מאמין,
פרעגט ניט קיינער, פרעגט ניט קיינעם ווען און ווי.
יידן זינגען: אַני מאמין, אַני מאמין —
אָט־אָ קומט ער, אָט־אָ איז ער שוין דאָ הי.

# אריינפיר

די מיליע, די לופט אין וועלכער לייוויק אָטעמט לייכט איז די סאָציאַל־פּאָלקלעכע טעמאַטיק. ליידן און באַפרייונג זיינען די צוויי פונדאַמענטן אויף וועלכע לייוויק איז קינסטלעריש דערגאַנגען צום העכסטן טורעם־שפּיץ אין זיין ליד־בנין. אין ליידן, סיי נשמה'דיקן און סיי מאַטעריעל־סאָציאַלן, זעט דער דיכטער דעם שטאַרקסטן גורם פאַר וועלט־ענדערונגען אָדער פאַר ענדערונגען אין דער וועלט. די טוגענד פון מענטשן, טאַקע מער פון אינדיווידועלן ווי פון כלל־מענטשן, זעט דער דיכטער אין ווילן און אין גערשאַנגל צו באַפרייען די מענטשן פון אָט די ליידן. משיח איז דער פאַרקערפּערער פון דעם ביידן — ער אַליין איז דער ליידנדיקער, ער אַליין איז אויך דער באַפרייער.

אָט דערפאַר האָט דער דיכטער אויף דער משיח־קאַנווע אויסגעוועבט אַלע זיינע אידייען. זיין ווילן צו זען די וועלט שיין, דערהויבן, אָט אַזוי ווי די נביאים אונדזערע שטעלן זי אונדז פאָר אויף באחרית הימים, ווען משיח וועט קומען.

אַרויסהויבנדיק דעם משיח־טרוים האָט דער דיכטער מעכטיק דערהויבן זיינע ווערק צו גרויס־געדאַנקלעכער פּראָבלעמאַטיק, צו דער הייליקסטער וויזיע פון יידישן פאָלק. דער משיח־געדאַנק איז דאָך דער וואָס האָט געשפּילט די דאָמינירענדיקסטע ראָל אין דער יידישער געשיכטע, וואָס האָט קראַפט געגעבן דעם יידישן פאָלק פאַר קיום דורך זיין גאַנצן פּיין־וועג, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס יידישע פאָלק, פילאָזאָפיש און אויך פאַקטיש, אויף טויזנטער מיילן פון קריסטנטום, וואָס גלויבט, אַז משיח איז שוין געקומען.

אָט דער יידישער משיח־טרוים האָט צעצונדן דורך טויזנטער יאָרן די פאַנטאַזיע ביים יידישן פאָלק, האָט געמאַכט טיפע רעוואָ־

לוציעס אין יידישן לעבן, האָט שטענדיק אויפסניי צעכוואַליעט דעם דורשט צו ציון, וואָס איז באַגלייט געווען מיטן גלויבן אין ביאת המשיח; דער משיח־טרוים איז איינער פון די רעליגיעזע עקרים אין גלות. מיט ביאת המשיח איז פאַרבונדן תחית המתים. אין הייליקן עקסטאַז פון משיח־גלויבן האָבן יידן זיך געלאָזט פירן צו אינקוויזיציע שייטערן. דער מאָדערנער פּאָליטישער ציוניזם וואָלט אפשר קיינמאָל זיך ניט געקענט צעבליען און פאַרכאַפּן דאָס יידישע פאָלק, ווען ניט דער משיח־טרוים. עס וועט דערפאַר ניט זיין איבע־ריק, איידער מיר דערנענטערן זיך צו זען ווי אַזוי לייוויק, דער דיכטער־באַנייער פון משיח־טרוים, האָט אויך זיין אופן אויסגעמיים־טערט די משיחישע דערציילונג, מיר זאָלן, קורץ ווי מעגלעך, נאָר אָנצייכן אייניקע פאַקטן, ווי אַזוי די משיחישע וויזיע באַגלייט דאָס יידישע פאָלק.



# משיח־טרוימען און משיחישע באוועגונגען

דהא הריב בית מוקדשא,
דהא יליד מלכא משיחא.
(ירושלמי ברכות).

ווען ס'איז חרוב געוואָרן דער בית המקדש איז געבוירן געוואָרן משיח.

מיט דעם מאָטאָ הויבט אָן ה. לייוויק זיין דראַמאַטישע פּאָעמע „די קייטן פון משיח“.

דאָס יידישע פאָלק האָט אַוועקגייענדיק אין גלות, נאָכן פאַרברענען ירושלים דורך טיטוס'ן, אויסגעוועבט, און דורך יאָרהונדערטער פאַרטיפט דעם משיח־טרוים און די משיח־בענקשאַפט. אין פאַרשיידענע מאמרים ווערט דערציילט וועגן משיחן. אין פאָלק האָבן געגעסטעט אַגדות וואָס ווייזן, ווי שטאַרק דער משיחישער אידעאַל איז פאַרבונדן מיט שיבת ציון, מיטן צוריק אויפשטעלן די יידישע מדינה.

ווער ס'האָט געזען משיחן זיצנדיק אין די טויערן פון רוים איבערבינדנדיק זיינע וווּנדן (רבי יהושע בן לוי אשכח לאליהו דהוי קיימי אפיתחא דמערתא דרבי שמעון -- אמר ליה אימת אתי משיה — אמר ליה זיל שילה. והיכא יתיב — אפיתחא דקרתא. ומאי סימניה יתיב בין עני סובלי חלאים — שרי חד ואסיר חד); ווער ס'האָט אים געזען צווישן פאַלנדיקע ווענט (שיילי לר' וס׳ בן קסמא אימתי בן דוד בא. אמר להם אני מתירא שמא תבקשי ממני אות אמרו לו אין אנו מבקשים ממך אות. אמר להם לשיפול השער ויבנה, יבנה ויפול); און ווער ס'האָט אים אויסגעטרוימט ווי דער עני רוכב על החמור (רבי יהושע בן לוי רמי וארו עם ענני כבר אנש אתי ונאמר עני ורוכב על החמיר זכו — עם ענני שמיא. לא זכו — עני רוכב על ההמור).

קיינער פון אונדזערע חכמים האָבן ניט געזען אין משיחן דעם פיזיש־שטאַרקן, ניט קיין פאַרקערפּערער פון אויסערלעכער גבורה.

דאָס פאָלק איז געווען אין קנעכטשאַפט, אירע בעסטע זין זיינען געשיקט געוואָרן אין די העלדזער פון הונגעריקע לייבן, אין די אַמפּיטעאַטערס פון רוים, דאָס פאָלק האָט ניט געהאַט קיין מלוכה־מאַכט.

יהודה'ס כּוח איז געווען געפאַלן, דאָס לאַנד באַזעצט, נאָר דאָ און דאָרטן האָבן קליינע הויפנס פאַנאַטיקער פּרובירט זיך קעגנשטעלן און זיינען צעשמעטערט געוואָרן. רוים איז געווען שטאַרק, איר אימפּעריע האָט אונטעריאָכט מער ווי אַ האַלבע וועלט פון דאַן; האָבן די וואָס זיינען געקומען שטאַרקן דאָס פאָלק — אויסגע'חלומט משיחן בײַ די טויערן פון רוים. אמת, ער זיצט ווי אַ בעטלער און בינדט איבער זיינע ווונדן; אָבער ער, דער דערלייזער, דער איבער־נאַטירלעכער באַפרייער, זיצט דווקא אין שונא'ס טויערן; זיינע ווונדן וועלן זיך פאַרהיילן און די דערלייזונג וועט ער ברענגען. ער וועט קומען ווי אַן אָרעמאַן, אָן פּאַראַד און אָן באַגלייטער, אומגעריכט. פון קיינעם ניט באַמערקט. און דערפאַר דאַרף דאָס פאָלק זיך ריכטן אויף אים שטענדיק, ווייל מען קען קיינמאָל דאָך ניט וויסן דעם טאָג פון זיין קומען.

די לעגענדע אַרום משיחן האָט זיך געוועבט אין ברייט און טיף, די משיח־טרוימען זיינען שטאַרקער געוואָרן מיט די ווייטערדיקע גלות־יאָרן און האָבן געקראָגן דעם העכסטן אויסדרוק אין דער קבלה.

שוין אין גלות בבל איז אויפגעקומען די „אבלי ציון" באַוועגונג, וואָס האָט פּראָפּאַגאַנדירט דאָס טרויערן אויפן חורבן. אין אירע פאַלדן האָט שוין די דאָזיקע באַוועגונג מיטגעבראַכט די פאַרשטאַרקונג פון משיח־געדאַנק

שוין אין צייטן פון די אַמוראים טויכן אויף משיחים. דאָס פאָלק גייט זיי נאָך, כאָטש ניט ווייניק פון פאָלקס־געלערנטע שטעלן זיך קעגן די גאולה־אָנזאָגער און אפילו דאָס פאָלק וואָס גלויבט אין זיי, איבערצייגט זיך גיך אַז זיי, די „משיחים". האָבן נאָר געלעבט אונטערן דרוק פון זייערע אייגענע פאַנטאַזיעס. מען שטעמפּלט זיי דאַן אַלס משיחי־שקר. דאָך גיט דאָס פאָלק ניט אויף זיין טיפע האָפענונג אויפן אמתן משיח, וואָס מוז און וועט קומען. מיר וועלן דאָ ניט דורכבלעטערן די יידישע געשיכטע און זיך ניט אָפּשטעלן אויף אַלע משיחישע באַוועגונגען במשך פון גלות. עס וועט נאָר גענוג זיין אויסצורעכענען אַ צאָל משיחים וואָס זיינען אויפגעקומען אין פאַרשיידענע תקופות און אויך פעסטשטעלן, אַז וואָס מער דער גלות האָט זיך געשטאַרקט, וואָס גרעסער עס זיינען

געוועז די צרות אַלץ אָפּטער האָבן זיך אָנגעפּאַנגען באַווייזן משיחים און האָבן געקראָגן מער אָנהענגער. די ליידן און פּיין פון פאָלק האָט געשאַרפט די בענקשאַפט אין דער פאָלקס־נשמה צו גאולה; די גאולה־אָנזאָגער האָבן שטענדיק פאַרשטאַנען צו צעפלאַקערן די פריי־הייטס־פאַנטאַזיע ביי די מאַסן; טיף און שטאַרק איז געוועזן דער גלויבן פון פאָלק אין ביאת המשיח

מיר נעמען דאָ אַרויס, נאָר אַלס ביישפּיל, אַ טייל פון די משיחים, וואָס זיינען אויפגעקומען פון דער קבלה־תקופה ביז דעם אויפקום פון חסידות. אונטער די זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַליין געהאַלטן פאַר משיחים, ווי אויך אַנדערע, וואָס די הייליקייט פון זייער לעבן האָט געשאַפן אין פאָלק דעם גלויבן, אַז זיי וועלן ברענגען די גאולה: ר' אברהם אַבולעאפיה (1284), ניסים בן אברהם הנביא מאַבילה (1285), ר' משה בוטאַריל (1393), אָשר לעמליין (1502), דוד ראובני און שלמה מולכו (1522—1532), ר' יצחק לוריא (1534—1572), זיין תלמיד חיים וויטאַל (1543—1625), שבתי צבי (1626—1676), מיכאל קורדיזו (1630—1706), מרדכי מוכיח (1678—1682), יקעב קירדו, אַ פריינט פון שבתי צבי (אומ־געפער 1680—1695), דער זון פון קירידו, ברכיה (אומגעפער 1695 —1740), ביז ר' משה חיים (רמ"ח) לוצאַטאָ, וואָס האָט זיך אויך געהאַלטן פאַר אַ משיח*). מיר האָבן אַ לאַנגע ריי פון משיחים אין אַ צייט־דיסטאַנץ פון פינף הונדערט יאָר, נאָר אַ פערטל טייל פון גלות. דאָס באַווייזט ווי שטאַרק ס'איז פאַרנעסטעט געוועזן דער משיח־טרוים און משיח־בענקשאַפט אין יידישן פאָלק.

דורך דער גאַנצער העברעאישער, און שפּעטער אויך יידישער פּאָעזיע פון די צייטן פון מיטלאַלטער ביז היינט, איז דער השתּפכות־הנפשדיקער מאָמענט ביי כמעט אַלע דיכטער — דער משיח־מאָ־מענט. אויף דער דאָזיקער קאַנווע האָט לייכט געקענט שוועבן די דיכטערישע פאַנטאַזיע.

אומקערנדיק זיך צו אונדזער טעמע, קענען מיר זאָגן, אַז לייוויק דער דיכטער, וואָס איז אינגאַנצן איינגעוועבט אין סאָציאַל־יידישער טעמאַטיק, האָט ניט געקענט געפינען קיין בעסערן שטאָף פאַר זיין ליד־יצירה ווי די משיח־אידיי. לאָמיר פּרובירן איצט נאָכגיין דעם דיכטער, זיך לאָזן אַריינפירן אין משיחיש אויסגעטרוימטן היכל, וואָס ער האָט אויסגעדיכטעט.

*) זע: „הקבלה והתנועות המשיחיות" פון פּראָפ. יוסף קלויזנער.

## „די קיטז פון משיח“

ווי דער דיכטער דערציילט, אין זיין אריינפיר, האלט ער „די קייטן פון משיח“, וואס ער האט געשריבן שוין 1908 אין מינסקער טורמע, אלס פארשפיל צו זיינע שפעטערדיקע ווערק „דער גולם“ און „גאולה־קאמעדיע“ און אויך צו א גרויסן טייל פון זיינע לידער.

די דראמאטישע פאעמע איז קוואנטיטאטיוו ניט גרויס לגבי די שפעטערדיקע צוויי, אבער אין איר געפינען מיר שוין דעם גאנצן תמצית פון דיכטער׳ס פילן און פארשטעלונג וועגן דער משיח־אידיי.

די האנדלונג קומט פאר אין דער דריטער נאכט נאכן הורבן פון ירושלים און בית המקדש. איין וואנט פון בית המקדש, די לעצטע, רויכערט נאך, די שטאט ברענט נאך אין פלאמען, און שוין שמידן די מלאכים, לויטן באפעל פון גאט, די לאנגע קייט, אויף וועלכער משיח וועט צוגעבונדן ווערן אין מדבר און די וועלט וועט צוזאמענ־געשמידט ווערן צו איר אייביקן חלום:

אין ווייטיק פון ירושלים׳ס חורבן,<br>אין פייער און רויך,<br>געבוירן געווארן איז ער<br>צו זיין פאר ישראל<br>אן אייביקער חלום,<br>און פאר דער וועלט —<br>א נבואה פון שלום. —

דאס איז די טיפערע מיינונג און ווילן פון קינסטלער־דיכטער, ארויסצוברענגען דעם אייביקן חלום פון ישראל, דעם משיח־חלום, וואס האלט צוזעשמידט דאס יידישע פאלק צו דער וועלט און די וועלט צו דער אייביקער נבואה פון שלום. דער דיכטער זאגט אונדז אבער ניט קיין אבסאלוטס, ער פירט אונדז, דורך די העלדן, לאנגזאם אריין אין פראבלעמאטישן געדאנקן־קנויל און לאזט קומען צום פאר־שיין אלע מיינונגען, אלע שטרעמונגען אין יידישן פאלק און אין דער וועלט; ער לאזט אונדז הערן פארשיידענע מיינונגען, וואס קומען, אגב, שוין אין דער דריטער הורבן־נאכט, צום אויסדרוק ארום דער משיח־אידיי.

די מלאכים טוען רואיק זייער אַרבעט. פאַר זיי, די גרויסע מאַסע, איז גאָטס באַפעל אַ באַפעל. מען טאָר ניט ווידערשפּעניקן גאָטס ווילן. זיי שמידן די קייט און זינגען „ס׳געזאַנג פון גאָט ברוך הוא“. פאַר זיי זיינען קיין פראַגעס ניטאָ, זיי האָבן אפילו ניט קיין געפילן; אויך דער בלוטיקער שטערן, וואָס גייט אויף, איידער משיח באַווייזט זיך, רופט ניט אַרויס קיין אויפטרייסלונג ביי זיי. זיי זאָגן:

לאָמיר זיין שטיל און הערן
ס׳געזאַנג פון נייעם שטערן. —

דער רויטער שטערן, וואָס צייכנט דעם וועג אין גלות, איז פאַר זיי ניט מער ווי אַ שטערן, אין וועמענס בלוטיקן אויפגיין זיי הערן אויך אַ געזאַנג, ווי אין יעדן שטערן. ניט משיח׳ס פּיין, ניט דער חורבן, ניט דער בלוטיקער שטערן און אפילו ניט דער רעוואָלט־פייער און דער מלאך־טויט, דער טויט פון זייער חבר, מאַכט זיי אויפ־ציטערן. אין דעם לעצטן זעען זיי גאָטס צאָרן, אין דעם ערשטן — דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער געשיכטע.

דער דיכטער לאָזט אויך קומען די שרפים, די פייער־מלאכים די קנאים; זיי פרעגן נאָר אויב ס׳איז פאַרטיק די קייט, אויב ס׳איז דער האַמער גרייט. זיי ריידן ניט צו משיחן קיין גוטע רייד, זיי טרייסטן אים ניט, זיי זאָגן אים אָן אין צווייען, האַרט און קאַלט:

משיח בן דוד, מיר זאָגן דיר אָן:
זאָלסט זיין רואיק, —
דיין גוף זאָל ניט געבן קיין ציטער
ביים ערשטן באַריר פון דער קייט
און פון האַמער. —
מיר זאָגן דיר נאָכאַמאָל אָן:
זאָלסט זיין רואיק. —

אַזאַ קאַלטקייט און אַזאַ פרעמדקייט ווייעט פון יעדן וואָרט פון די ברענענדיקע מלאָכים, אַז מיר פאַנגען אָן אינסטינקטיוו זיי צו האַסן. נאָכמער: זיי, די שרפים, ריידן שוין אפילו ניט אין נאָמען פון גאָט; זיי דערמאָנען גאָר גאָטס נאָמען ניט. פון גרויס ברען פאַרגעסן זיי אפילו גאָטס נאָמען. אין זייער טאָן, מיט וועלכן זיי ריידן צו משיח׳ן, הערט זיך אפילו חוזק, אַ זיך העכער שטעלן

איבער אַלע געשעענישן אַרום דעם גואל, וואָס פאַרביטערט אונדז און מוט ווײ.

דער צווייטער און דריטער מלאך זײַנען די וואָס קלערן אַרײַן אין פּראָבלעם. זײ באַטראַכטן, פילאָזאָפירן וועגן דעם וואָס געשעט. זײ גיבן טאַקע נערעבט גאָט, זײ ווילן אָבער באַגרײַפן די געשיכטע. זײ פילן דעם פּײַן פון חורבן, באַזונדערס דער דריטער מלאך, אָבער:

דער ווייטיק פון חורבן איז גרויס,
אָבער גרעסער איז נאָך די נחמה:
עס האָט אפשר ישראל — ווער ווייסט —
צעפליקן געמוזט זײַן נשמה
אין נעגל פון פּײַן און פון שאַנד
און מקריב זײַן דאָס הייליקע לאַנד,
אַבי נאָר משיח געבוירן זאָל ווערן. —

עס איז אַ זוכן צו פאַרענטפערן גאָט, באַגרײַפן דאָס געשעענע, אָנפילן מיט זין דעם חורבן, געבן אידיי צו די לײַדן פון פאָלק און פון גואל.

אין אָט די ווערטער פון דריטן מלאך האָבן מיר, לויט אונדזער מיינונג, דעם שליסל צו אַלע משיח־שאַפונגען פון דיכטער. לייוויק האָט די טויזנטער יאָרן פון משיח־אידיי ביים יידישן פאָלק ווידער באַנייט אויף אַזאַ קינסטלערישן אופן ווי אפשר קיינער ניט ביז אים. ער האָט געצייכנט די גרונט־אידיי פון יידישן פאָלק: ציון איז חרוב, דער בית המקדש פאַרברענט, דאָס פאָלק גייט אין גלות, אָבער, דער מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים הערט ניט אויף. צוזאַמענגע־שמידט איז דאָס יידישע פאָלק מיט דער גאולה־אידיי פאַר זיך און פאַר דער וועלט.

די מיינונגען פון די מלאכים וועגן גואל און זײַנע לײַדן, וואָס דאַרפן פירן צו גאולה זײַנען אַזוי פאַרשיידן, ווי פאַרשיידן עס זײַנען די מיינונגען פון די מענטשן וועגן דעם אופן פון דער מענטשלעכער און יידישער גאולה און דער משיח־אויפפאַסונג. און לייוויק בויט פאַר אונדז אויס מיט אַזאַ וווּנדערבאַרער דראַמאַטישקייט און אידייאישער טיף, ווי אין דעם קינסטלערס אַלע ווערק, דעם געראַנגל און דאָס פאַרשיידנאַרטיקע אויפנעמען פון משיח־טרוים, פון דער גאולה. אין דער דראַמע באַווייזט אונדז לייוויק ניט דעם צושטאַנד

פון די מענטשן וואָס ווערן פון ארץ־ישראל פאַרטריבן, פאַר וועמען דער גואל איז באַשטימט. (אויך וויסן מיר נאָך זייער ווייניק וועגן גואל אַליין. זיין מיינונג און זיין ווילן. ערשט אין לעצטן מאָמענט פון דער דראַמע לאָזט ער אַרויס זיין ערשט וואָרט, וואָס ווערט שפּעטער, אין די ווייטערדיקע צוויי משיח־דראַמעס פון דיכטער, דער לייט־מאָטיוו. דערווייל איז דער גואל אַליין פּאַסיוו. מיר זעען אים ניט אויפן הימל, ביים כסא הכּבוד, מיר הערן ניט ווי ער רעדט זיך דורך מיט גאָט, נאָר פאַרבייגייענדיק לאָזט דער דיכטער אונדז צו הערן דורך די שרפים אַז:

דו ביסט אויף דער ערד,<br>
דיינע פּיס רירן אָן די זאַמדן פון מדבר.<br>
ס'איז דיין מלוכה.<br>
דיין לאַנד —<br>
צו וועלכן דו האָסט זיך אַזוי געריסן,<br>
נאָך וועלכן דו האָסט אַזוי געבענקט.

דורך דעם נאָר וויסן מיר, אַז משיח האָט זיך געריסן און געבענקט, ווי עס פּאַסט פאַרן גואל, צו קומען באַפרייען.)

אין דער גאַנצער דראַמע האָבן די וואָס ווערן איצט פאַרטריבן נאָך קיין השגה ניט וועגן זייער מיסיע: מיטצונעמען דעם גאולה־טרוים אויף זייער וואַנדער־וועג. דערווייל קעמפן צווישן זיך די מלאכים, אָט די וואָס דאַרפן עס אויסשמידן דעם חלום. און אויך דאָס איז די גרויסקייט פון דיכטער, וואָס האָט מיט גרויסער קינסט־לערישקייט פאַר אונדז געעפנט די הימלען. עס ווערן אונדז נאָענט און פאַרשטענדלעך אַלע מלאָכים, זיי ווערן פאַר אונדז אַזוי געטלעך און מענטשלעך צו גלייך. און ס'איז שווער צו זאָגן, צי ווערט אונדז טייערער דער מענטש, ווייל אים פּייניקט אויך די זעלבע פּראָבלע־מאַטיק וואָס די מלאכים, אָדער עס ווערן אונדז נאָענטער און ליבער די הימלען, ווייל זיי פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע מענטשלעכע פּראָ־בלעמען. און אפשר ביידעס. שוין דאָס אַליין דערנענטערט דעם קינסטלער־דיכטער צו נביאישער הויך, וואָס פּונקט ווי די גרויסע נביאים געלינגט עס אים צו פאַרמענטשלעכן דעם הימל און צו פאַר־הימלען אונדזער ערד.

מיר ווייסן שוין די מיינונגען פון דעם מלאָכים־כאָר, פון די שרפים און די איינצעלנע מלאָכים. די צענטראַלע פיגור פון דער דראַמע איז אָבער מלאך עזריאל. דאָס איז דער מלאך־בונטאַר־רעוואָלוציאָנער, דער איינציקער וואָס שטעלט זיך קעגן אַלעמען ער וויל ניט פאַרשטיין; דאָס קלוגע פילאָזאָפירן פון „דריטן מלאך" וואָס רעדט אייגנטלעך צו אים, צו עזריאלן און וויל אים איינגעמען, באַרואיקן, דערוויזן. עזריאל וויל ניט שלום מאַכן, ער איז קאָמפּראָמיסלאָז, ער וויל בעסער אויפנעמען דעם פאַרוואָס־געיאָמער פון אַ זעמדל איידער דעם באַפעל פון גאָט:

כאָטש מיר אַלע ווייסן,
אַז גאָט האָט אַזוי געהייסן —
שרייט אַ יעדעס זעמדל:
פאַרוואָס? פאַרוואָס? —

און אויב די אַלע מלאָכימשע געדאַנקען און ווערטער זיינען קאַנאָניזירט, דער זעלבער געדאַנקען־גאַנג גייט בײַ זיי פון אָנהויב ביזן סוף, סיי די וואָס ווילן ניט נאָכטראַכטן, סיי די וואָס פּילפּלען זיך נאָך, זייער געדאַנק וואַקסט ניט, אַנטוויקלט זיך ניט און ווערט ניט טיפער, איז אָבער, בײַם מלאך עזריאל אַנדערש. זיין געדאַנק וואַקסט אין ברייט און טיף און עס וואַקסט זיין פאַרביטערונג ביז צאָרן. ער פאַנגט אָן מיט רופן דאָס מלאָכים־פאָלק:

אַ ברידער, ברידער, לאָמיר נאָכאַמאָל קלאָגן
אויפן גרויסן בראָך פון ירושלים.

און זיין קלאַנג פאַרוואַנדלט זיך באַלד אין רעוואָלט, ביז שילטן דעם שטראָף־שטערן, ביז צאָרענען כלפּי שמיא. און ווען דער צווייטער מלאך וויל אים באַרואיקן, אַז דער רויטער שטערן איז נאָר אַ צייכן פאַר משיח'ס קומען, ענטפערט אים עזריאל מיט ווערטער וואָס קלינגען ווי דאָס ברעכן גראַניט־שטיקער, ווערטער פון סאַמע מיט פון אונדזער היינטיקער ווירקלעכקייט:

די ערד דאַרף קיין צייכנס ניט האָבן.
אירע הרוגים נאָך וואַלגערן זיך ניט באַגראָבן.
איין טויט פון אַ קינד איז גענוג
צו האַלטן אַלע וועלטן אין שרעק,

צו אָנפּילן דעם טרערן־קרוג
ביז איבער די ברעגן. —

עזריאל'ס רעוואָלט וואַקסט אויך איבער דער פאַרביטערונג, וואָס זיינע אַרומיקע האָבן זיך איינגעוויקלט אין קאַלטן געטלעכן געזעץ און אָנשטאָט צו פילן זיין צער, ריידן צו אים און אים אויפקלערן, שרייען זיי גאָר אויף אים אָדער חוזקן גאָר פון זיינע געפילן. מינוטנ־ווייז דוכט זיך אפילו אַז עזריאל קריגט אָנהענגער. דער צווייטער און דריטער מלאך, די וואָס זוכן צו באַנעמען, פאַרשטיין דאָס אומ־גליק און גאָטס ווילן, הערן זיך איין צו זיינע ווערטער, אָבער אויך זיי ווערן ניט מיטגעריסן מיט עזריאל'ס געפילן. און דער צער אין אים צעברויזט זיך, ווערט שטאַרקער. אומבאַמערקט, אָבער נאַטיר־לעך, טראָגט זיך זיין ווייטיק אַריבער, פון מיטלייד מיט משיחן צו וועלט־שמערץ. פאַר דער וועלט, פאַר וועלכער משיח אַליין וועט דאַרפן ליידן, פאַר אָט דער זעלבער אידיי פאַנגט אָן ווייטיקן עזריאל. צו ערשט דעם ווייטיק פאַרן פאָלק, וואָס ווערט אין גלות פאַרטריבן, פאַר די בעסטע זין פון דער וועלט:

אירע בעסטע זין — אין גלות,
דער שונא פאַרקויפט זיי פאַר שקלאַפן,
און מיר — מיר זינגען אַ לויב צו מפּלות!

און דאַן ווען עזריאל הערט נאָך דעם קול פון דער ערד, וואָס איר האַרץ ווערט צעריסן אויף שטיקער, דאַן לויטערן זיך זיינע געפילן. אין פאַרביטערונג און ווייטיק ווערט געבוירן ביי אים די מעגלעכקייט רואיק צו באַגרייפן. ער שאַצט אָפּ דעם הימל, די עֶרד און מלאָכים און קומט צו דער דערקענטניש, אַז דעם מלאָך איז פרעמד דער אמתער צער פון מענטשן. פון האַרציקן מיטגעפיל ווערט געבוירן די אידעאַליסטישע גרייטקייט:

איך וועל צוליב דיר גיין פאַרלאָרן,
איך ליב דיך, באַעוולטע ערד.

אַזוי שטייגט אויף פאַר אונדזערע אויגן דער ערשטער בונטאַר פאַר יידישער און וועלטלעכער גאולה, דער ערשטער רעוואָלוציאָנער,

וואָס איז גרייט צו פאַרשפּילן ניט אונדזער זינדיקע ערד, נאָר דעם געטלעכן הימל פאַר אונדזער ערד.

דער בת קול, די געטלעכע שטים, איז גרויזאַם צום רעוואָלוציאָנערן־ווידערשפּעניקער. זיינע פליגלען ווערן פאַרברענט, ער ווערט געוואָרפן אין מדבר צו זוכן משיח'ן. דאָ רייסט דער קינסטלער־דיכטער אויף איין מאָמענט איבער די געטלעכע שטים. ער פאַרשטייט, אַז די געטלעך־גורל־שטראָפיקע שטים ווירקט אויף אונדז צו האַרט, דער מידת הדין איז דאָ צו גרויזאַם. און דער דיכטער דערציילט אונדז נאָר אין צוויי ווערטער:

אַלע וויינען.

יאָ, איצט, אַז די מלאָכים זעען דעם טויט פון רעוואָלוציאָנער, וויינען זיי, כאָטש פריער האָבן זיי פון אים געחוזקט. אָבער די שטים רעדט ווייטער, די שטראָף גייט ביזן סוף. —

עזריאל איז געפּלעפט. ער האָט ווייזט אוים דאָך ניט דערוואַרט אַזאַ אורטייל. ער האָט געגלויבט, אַז זיין שטים וועט דערהערט ווערן, אַז ער וועט צעצינדן דעם רעוואָלוציאָנערן פייער, אַז אַלע מלאָכים וועלן צושטיין צו אים. איצט זעט ער זיך אַליין אַ באַשטראָפטער, אָבער ער ווערט ניט שוואַך. ער נעמט אָן זיין שטראָף מיט ווירדע, ווי עס פּאַסט פאַרן ערשטן הימלישן ווידערשפּעניקער. ער האַלט זיין לעצט וואָרט צו די מלאכים. ער וויל זיי שוין ניט איבערצייגן. ער וויים, אַז אַלץ איז פאַרלאָרן, כאָטש זיי וויינען אויף זיין שטראָף. ער יאָגט די מלאָכים און טרייבט זיי פון זיך, ווי זיי האָבן אים פריער געטריבן:

— איר, שקרנים,
איר הייליקע ווייסע צבועקעס,
וואָס טרעטן ניט אָפּ אויף אַ רגע
פון כסא הכבוד און הערן ניט אויף
צו פאַרהיילכן די הימלען מיט שירה,
מיט רייד וועגן ליבשאַפט און רחמים,
און אין אמתן — ליב האָט איר קיינעם,
נאָר זיך און נאָר אייער גן עדן,
נאָר זיך און אייערע פליגלען
און אייער צדיקימשע גאווה. —

און עזריאל גייט אַוועק זוכן משיח'ן. די משיח-זוכער ייִנגען שוין דאָ איידער משיח איז נאָך געקומען. משיח'ס קומען ווערט שוין אַ נויטווענדיקייט. אָבער ניט אַזוי לייכט וועט אָנקומען דאָס צוזאַמענגעפינען זיך פון משיח'ן און זיינע זוכער, כאָטש ביידע גאַרן זיך צוזאַמענצוטרעפן. אין דער פּאָעמע ניט נאָר דער קינסטלער די דינגע באַמערקונג פאַר דעם. אין די ווייטערדיקע משיח-ווערק, אין „גולם" און אין דער „גאולה-קאָמעדיע", וועט זיך ערשט צעשפּילן דער גאַנצער ווייטיק פון בענקעניש צווישן גואל און די, וועלכע ער דאַרף קומען באַפרייען. דער וואָס שטערט דאָס זיך צוזאַמענטרעפן, איז דער שטן. און אָט שטעלט דער שטן אַליין פאַר זיין ראָל, זיין מיסיע אין דער דאָזיקער אייביקער יידישער, וועלטלעכער דראַמע:

יאָ, יאָ — דער היטער.
יאָ, יאָ — כ'וועל היטן.
צווישן צוויי אַ דריטער.
צווישן צוויי אין מיטן. —
איינער אויף קייטן,
דער צווייטער אין שפּאַנען,
וועט איינער פון צווייטן
אפילו ניט אַנען. —
בין היטער. מיין ווילן
איז: נאָענטסטע צעשיידן;
כ'וועל אייביק זיך שפּילן
מיט בענקשאַפט פון ביידן.

* * *

צוזאַמען מיט משיח'ן לאָזט זיך פון הימל אַראָפּ אליהו הנביא. משיח'ס פיס ווערט צוזאַמענגעדרייט מיט דער אויסגעשמידטער קייט פון די מלאָכים. די קייט ווערט פאַרשמידט. איצט איז די וועלט צוגעשמידט צום הימל. אליהו הנביא ווערט דער אָנזאָגער פון משיח'ס זיין. ער וועט אויפוועקן משיח'ן דורך דער ערשטער תקיעה און ער וועט וועקן די וועלט צו כולו זכאי, ביז די שעה פון סוף-לייד; וועט קומען. משיח שלאָפט דערווייל, און אליהו רעדט צו אים אין שטעלט אים פאָר זיין מיסיע אין דער וועלט און אויך זיין אייגענע אליהו'ס שליחות:

כ'וועל גיין איבער דער וועלט צו אַלע מענטשן
און אָנזאָגן זיי, אַז דו ביסט דאָ.
און אַלע וועלן זיך מיט דיין נאָמען בענטשן
און מיט דיין איצטיקער אויפגאַנג שעה.

אליהו הנביא איז דער אייביקער ייד וואָס צעטראָגט די משיח־אידיי דורך דער וועלט צו אַלע מענטשן.

אין די שפּעטערדיקע משיח־ווערק ווערט ער בלינד, אַלט און צעבראָכן, אָבער ער טראָגט דעם משיח־טרוים אין זיין האַרצן און באַשיצט אים אומעטום. ער, אליהו, דער אייביקער ייד, זוכט גליק ניט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר דער גאָרער מענטשהייט, פאַר דער גאַנצער וועלט. ער ווייס אָבער אויך, אַז אָן גאולה פאַר אים וועט ניט זיין קיין דערלייזונג פאַר דער וועלט:

וועלן אַלע ליידן מיט דיר צוזאַמען,
ביז וואַנען ס'וועט אָפּהיילכן דער לעצטער קרעכץ.

אומעטום וועט שפּעטער זיין דער משיח־טרוים. ער וועט אָנצינדן און צעפלאַקערן און אין אַלע ליידן, וועלכע די וועלטלעכע און פאַלקלעכע גאולה־אידיי וועט אַדורכמאַכן. אומעטום וועט זיין אליהו.

* *

די יללה פון פאָלק, זיין שלאָגן זיך אָשמנו, זיין דערפילן די שאַנד, וואָס „רוים" איז גאָטס שליח געוואָרן, דער געיאָמער וועקט אויף משיח'ן פון שלאָף. משיח לאָזט אַרויס די ערשטע ווערטער פון זיין מויל, און אין אָט די ווערטער ליגט באַהאַלטן די גאַנצע משיח־אידיי. דאָ האָט דער דיכטער אויף אַ הויך קינסטלערישן אופן, אין 30 אויסגעהאַמערטע שורות, אונדז געגעבן אַלץ. ער האָט געגעבן דעם אידייאישן ענטפער פאַר נאַציאָנאַלע און וועלטלעכע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען. ער האָט געגעבן די קווינטעסענץ פון דער ציוניסטישער גאולה־אידיי. לאָמיר דערפאַר הערן אַלץ וואָס משיח האָט אונדז צו זאָגן ביי זיין ערשטער דערוואַכונג:

אוי, ווער וויינט עס.
אוי, ווער שלאָגט עס
זיך אין האַרץ אַליין על־חטא? —
אוי, ווו בין איך?

אוי, וואָס קלינגט עס
אַזוי שווער אויף מיינע פּיס?
שווייגן.
האָרכן.
וואַרטן.
פאָלק ישראל —
שווייג ניט,
וואַרט ניט
רוף מיך.
אַזוי ווי איך — רוף דיך:
קום, צעריים מיין קייט.
קום, באַפריי מיך.
פאָלק ישראל —
וויין ניט
קלאָג ניט
איך וועל קומען.
רוף מיך
נאָר — רוף מיך,
ווידער — רוף מיך,
טאָג און נאַכט — רוף מיך,
צפון, דרום — רוף מיך,
מזרח, מערב — רוף מיך,
אַזוי ווי איך — איך רוף דיך.
פאָלק — איך רוף דיך.
קום, באַפריי מיך, —
קו — — — — ם.

יעדער „אוי" וואָס קומט פון משיח'ס מויל רייסט זיך אין אונדזער האַרץ אַריין, שטעקט אונדז אָן מיט גאולה בענקשאַפט, מאַכט אונדז אַזוי ליב און נאָענט אונדזער משיח'ן, וואָס האָט ווי אַ קינד זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און זיך צעוויינט. אָבער פון שורה צו שורה וואַקסט משיח אויס; ער וויים שוין זיין וועג, ער וויינט ניט אויף זיין גורל, ער רופט דאָס פאָלק: קום, צעריים

מיין קייט. דאָס פאָלק מוז באַפרייען פון קייט דעם באַפרייער. דער גאולה־טרוים און די גאולה־בענקשאַפט איז איבערנאַטירלעך, דאָס איז אַ צוזאַמענמישונג פון ערד און הימל; די באַפרייונג אַליין איז אָבער אַ נאַטירלעכע, דאָס פאָלק אַליין מוז זיך באַפרייען, עס מוז פונאַנדערבינדן דעם טרוים, צערייסן די קייט. און דער טרוים רופט:

קו — — — ם.

* * *

דאָס פאָלק וויל קומען באַפרייען דעם גואל, באַפרייען זיך. ס'איז אָבער דאָ, ווי מיר האָבן פריער געזען, אַ שטן וואָס לאָזט ניט, וואָס שטעלט זיך אין וועג פאַרשיידענע פאָרמען האָט דער שטן און פאַרשיידענע וועגן, אַלע ווײַלע ווערט ער מגולגל, פאַרקליידט זיך אַנדערש און שטעלט זיך שטענדיק אין וועג צווישן פאָלק און זיין גואל אויפן וועג צו גאולה. וואָס מער עס דערנענטערט זיך דאָס פאָלק צו פאַרווירקלעכן דעם טרוים, אַלץ שטאַרקער ווערט דער שטן. דאָס אָבער וועלן מיר בולטער זען אין דער „גאולה־קאָמעדיע". דער־ווייל גייט דאָס פאָלק אַדורך פאַרשיידענע עטאַפּן און וועגן צו דער גאולה.

דורך דער דראַמאַטישער פּאָעמע „די קייטן פון משיח" האָט דער דיכטער אָנגעוואָרפן אַלע גערדאַנקלעכע בוי־שטיינער פאַר זיין פּרעכטיקן אויפבוי פון משיח־טרוים, וואָס אַנטוויקלט זיך אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק.

ביים דיכטער אַליין האָט עס גענומען 10 יאָר (פון 1908 ביז 1917), ביז פאַר אים איז נתגלה געוואָרן זיין ווייטערדיקער משיח־טרוים, וואָס קומט צום אויסדרוק אין „גולם".

## „דער גולם"

נאָך דעם, ווי דער קינסטלער האָט, דורך „די קייטן פון משיח", אַרונטערגעבראַכט דעם גואל פון הימל, קומט ער איצט אונדז באַ־ווייזן די גילגולים, וואָס דער משיח־טרוים מאַכט אַדורך אין דער וועלט, דעם אייביקן וועלט־קאַמף צו גוטס, צו העכערקייט און די וועגן

און מיטלען מיט וועלכע מען פּרובירט עס צו דערגרייכן. ער לאָזט קו־מען צום אויסדרוק, דורכן מויל פון זיינע העלדן, דעם אידייאישן וועלט־געראַנגל און גלייכצייטיק דורך איינעם אָדער צוויי פון זיינע הויפּט־העלדן זאָגט ער אַרויס זיין קריטיק, באַיאָט אָדער פאַרניינט די אָדער יענע מעטאָדן אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט.

אָט דערפאַר האָט זיך לייוויק ניט געאיילט אונדז גלייך צו געבן די עכטע משיח־געשטאַלט. די וועלט איז נאָך צו דעם ניט דערגאַנגען. די אמתע משיח־צייט און די משיח־אידייען זיינען נאָך פאַר דער צוקונפט. דערווייל ראַנגלט זיך נאָך דער מענטש אין זיין בלוטיקן געקלעטער צו דעם; און דערפאַר זעען מיר נאָך אין דער דראַמע ניט מער ווי דעם אָפּשיין פון משיח'ן. ער באַוויזט זיך און פאַר־שווינדט. יאָ, נאָך מער. מען פאַרטרייבט אים אַפילו. זיין צייט איז נאָך ניט געקומען. זיין צייט וועט ערשט קומען שפּעטער. צו דער משיח־צייט אַליין פירט אונדז לייוויק דורך זיין „גאולה־קאָמעדיע". דערווייל ווייזט ער אונדז די ברוטאַל־רויע קראַפט, וואָס גייט אין דער וועלט פאַרקליידעט פאַר משיח'ן.

אויף דער לעגענדאַרישער קאַנווע, פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, וואָס זאָל זיך האָבן פאַרלאָפן אין פּראָג, איז פונאַנדערגעוועבט די דראַמאַטישע פּאָעמע.

די לעגענדע:

ר' לוי ב"ר בצלאל, אָדער מהר"ל, דער פּראָגער רב, פילט אַז גרויסע שווערע צייטן רוקן זיך אָן פאַר דער יידישער קהילה. — דער כומר פון שטאָט, טאַדעאוש, גרייט גזרות קעגן יידן. זיין לעצטער פּלאַן איז אַוועקצושטעלן ערב פּסח פלעשער בלוט פון אַ קינד, דורך אים אַליין געקוילעט, און שפּעטער דעם בלבול פאַרוואַנדלען אין אַ שחיטה אויף יידן. דאָס בלוט גרייט זיך טאַדעאוש דורכצוטראָגן דורך אַן אונטערערדישער הייל, וואָס ציט זיך פון טיפלע צו דער יידישער שול דורך דעם פינפער טורעם, אַן אַלטער פאַרלאָזענער שלאָס. דער מהר"ל וויל ראַטעווען די קהילה, אָבער שוין אויך אָנלערנען די פיינט. מהר"ל באַשאַפט אַ גולם פון ליים. — ביים ברעג טייך קנעט ער אויס אַ מענטשן, אין וועמען ער גיט מיט

ווּנדער אַריין אַ העכערע פּיזישע קראַפט. דער גולם איז שטאַרק. האָט אייזערנע פויסטן צום שלאָגן, קען אָבער אויך זיין, ווען מען דאַרף, אַן אינו נראה, פון קיינעם ניט באַמערקבאַר, ער קען שפּרייזן איבער וואַסער, די לענגסטע שטרעקעס קענען פאַר אים ווערן צו־זאַמענגעשפּרונגען דורך קפיצת הדרך. ער אַליין קען ניט ווייזן קיין ווּנדער פאַר אַנדערע. ער קען אָבער העלפן מיט די ריזיקע כוחות, וועלכע ליגן אין אים.

* * *

די האַנדלונג הויבט זיך אָן מיט אַ געשפּרעך צווישן דעם גולם'ס באַשאַפער, דער מהר"ל, און דער צוקונפטיקער געשטאַלט פון גולם, זיין דערווייליקער שטן

די פּיזישע קראַפט וויל ניט געבוירן ווערן. זי וויל ליגן רואיק אין דעם לייזמיקן חומר. אָבער דער גייסט נויטיקט זיך אין דער קראַפט, עס איז איצט די צייט פון ברוטאַלן כוחות־פאַרמעסט. די יידן שטייען אין געפאַר! און דער גייסט באַשווערט די ברוטאַלע כוחות, זיי זאָלן קומען צום לעבן. איבערצונעמען די ראָל אין דער פאַרדאָרבענער וועלט, וווּ מען מוז מיט קראַפט זיך אַנטקעגנשטעלן שקר און בלבולים. ווען דער גולם פרעגט זיך נאָך אויף זיין שליחות אין לעבן, וואָס ער וועט דאַרפן טאָן, ענטפערט אים דער מהר"ל:

דו וועסט באַשאַפן ניט אַזוי זיך לעבן,

נאָר גרויסע ווּנדער טאָן באַהאַלטן און פאַרבאָרגן.

ברוטאַלע קראַפט פאַר זיך איז אַ פאַרברעכן. אָבער דער דיכטער זאָגט אונדז גלייך, דורך דעם מויל פון מהר"ל, אַז ס'איז פאַראַן אַ צייט ווען קיין אַנדער וועג איז ניטאָ. דאַן מוז מען אָנקומען צו ברוטאַלער קראַפט. זי מוז אָבער זיין באַהאַלטן און פאַרבאָרגן. זי טאָר ניט נעמען פאַר זיך דעם לאָרבער־קראַנץ פון גבורה. עס ליגט ניט אין דעם קיין שיינקייט. רויע קראַפט קען נאָר אָנגעווענדעט ווערן אין צייט פון מוז. ערשט דאַן קען מען זיין:

אַ שליח פון אַ פאָלק, אַ גרויסער גבור.

דער מהר"ל פאַרשטייט און זעט מיט זיינע ליכטיקע אויגן, אַז די רויע קראַפט איז ניט קיין אומגליק. דאָס איז דער מוז, דער נאַטירלעכער גאַנג אין אונדזער היינטיקער רשעות'דיקער וועלט. און

ער נעמט אָן די שלעכטע צייטן, וואָס מוזן קומען, ווייל צוזאַמען מיט די שלעכטע צייטן — קומען אויך די גרויסע צייטן:

יאָ, שלעכטע צייטן קומען אָן אויף אונדז, תּלמידים מיינע,
און מיט די שלעכטע — קומען אויך די גרויסע צייטן;
מיר דאַרפֿן גרייטן זיך און גיין אַנטקעגן זיי —

און ווייטער:

איך וויים צוזאַמען מיטן אומגליק קומט די רעטונג;
אויף דער שווערד
ווערט אויך די טרייסט געבראַכט, און אין דעם שוואַרצן
פּלאַם
באַהאַלטן ליגט די ליכטיקייט פאַר אונדז. —

אמת, אין זיין טענה צו גאָט פילט דער מהר״ל די גאַנצע טראַ־געדיע וואָס די רויע גוואַלד מוז זיין דער העלפער —

פאַרשפּרייט האָסטו אויף אים דעם צער פון אומזין,
פון קאַלטער פרעמדקייט און אומהיימלעכקייט.

נאָר עס העלפט ניט:

דאָס ליכט פון זיין געשטאַלט וועט מוזן זיך אַנטפּלעקן,
ווייל ער איז — דיינער.

אויך דער גולם, די גוואַלד, וואָס קומט דערפילן אַ פאָלקס־שליחות, איז אַ געטלעכע, און דערפאַר וועט זי איינגעמען די שרעקן פון פאָלק און טאָן איר געטלעכע שליחות.

* * *

אין דער דאַזיקער דראַמע קומט דער משיח־כוח צו העלפן נ אָ ר יידן; ער קומט זיי העלפן פון דער יעזואיטישער פינצטערער רעאַק־ציע. ניטאָ מער קיין טעאָלאָגישע וויכוחים צווישן יידנטום און קריסטנטום. אַלע וויכוחים האָבן זיך געענדיקט מיט שחיטות און שייטערהויפנס פאַר יידן. יידן האָבן אַלעמאָל „פאַרשפּילט״ און דערפאַר האָט דער גייסט איצט אַרויסגערופן די רויע גוואַלד, דעם ווידערשטאַנד אַנטקעגן די ברוטאַליטעט פון דער קריסטלעכער וועלט שפּעטער, אין דער „גאולה־קאָמעדיע״, ווערן דורכן דיכטער פאַר־ווישט די גרענעצן צווישן ייד און קריסט. אין דער אמתער משיח־צייט פאַלן זיך פונאַנדער די מחיצות. משיח קומט העלפן אַלעמען.

דערווייל אָבער האַלטן מיר אין גולם־צייט. — און דער קינסטלער ראָלט פאַר אונדז פונאַנדער דעם קאַמף צווישן יידנטום און קריסטנ־טום. און, ווי דרך אַגב, לאָזט דער דיכטער, דורך דעם מויל פון מהר"ל, אונדז לערנען זיין אידייאישן צוגאַנג צום יידנטום. פאַר אונדז אַנטפּלעקט זיך אַ שטיק יידישע לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס איז אַזוי אייגן דעם דיכטער פון די משיח־טרוימען.

אָט איז דער דיאַלאָג צווישן דעם זיך שרעקנדיקן דורכשניטלעכן פאָלקס־יידן ר' באַסעווי, וואָס די שרעק און צער וואַקסט אין זיין האַרצן איבער דער גרויל־גורלדיקער יידישער לאַגע, און דער ענטפער פון מהר"ל. דאָס איז אַ דיאַלאָג, וואָס יעדער וואָרט שניידט זיך אין אונדז. —

אויף דער פראַגע פון ר' באַסעווי'ן:

„וואָס וויל מען פון אונדז האָבן?"

ענטפערט דער מהר"ל:

מען וויל פון אונדז אַ סך, אַ סך.
נאָר גיבן קענען מיר זיי גאָרניט.
און אפשר קענען מיר. — אָ. יאָ, מיר קענען, ר' באַסעווי,
מיר ווילן אָבער ניט. מיר ווילן ניט, מיר האָבן
צו אַלץ און אַלעמען פון גאָר דער וועלט
נאָר צוגערירט זיך מיט אַ נאָגל פון איין פינגער,
נאָר פון דער זייט אַ הויך געטאָן מיט אונדזער אָטעם,
און אַלין און אַלע פון דער גאַנצער וועלט
וועלן טראָגן שוין אויף אייביק דעם ריר פון אונדזער
פינגער, —

אַזוי זעט דער דיכטער דעם גורלדיקן דורות־גאַנג פון יידישן פאָלק דורך דער וועלט. מיר האָבן זיך צוגערירט נאָר מיט אַ נאָגל צו דער וועלט, נאָר אַ הויך געטאָן אויף איר מיט אונדזער אָטעם, און שוין קען די וועלט ניט שטילן איר האַס צו אונדז, אָבער, אַז ר' באַסעווי פרעגט:

וועט מוזן אייביק ציען זיך דער וועג?

ענטפערט אים מהר"ל:

און מיר נאָך אייביקער, און אויסלייזן די וועלט —

מיר קענען, נאָר מיר ווילן ניט.

ווייל —

ווייל אויבלייזן די וועלט לייט זייער ווילן —
מיינט: אויסלייזן די וועלט פון אונדז.

אויסלייזן די וועלט פון אונדז מיינט פאַרשווינדן, אונטערגיין, זיך צוזאַמענמישן מיט דער וועלט און פאַרזונקען ווערן. אויף דעם ענטפערט דער דיכטער: מיר ווילן ניט. לייוויק האָט אונדז דאָ ניט דערזאָגט דעם טיפערן אמת, אַז אויך: מיר קענען ניט. מיר קענען ניט, ווען מיר וואָלטן עס אַפילו געוואָלט, אָבער דאָס טוט דער קינסטלער דערפאַר, ווייל ער וויל אונדז ניט אַראָפּלאָזן צו דער פיזישער געבונדנקייט פון „ניט קענען", נאָר הויבט אונדז אַרויף, אונדזער גאַנג דורך דער וועלט, צו אַן אייגנוויליק ניט־וועלן; מיר ווילן ניט פאַרשווינדן, מיר ווילן ניט אויסלייזן די וועלט פון אונדז.

אָבער מיט מער ווי 50 יאָר צוריק איז אין דער יידישער וועלט אויפגעשוומען, און איז אין אונדזער צייט פאַרשטאַרקט געוואָרן, אַן אַנדער פראַגע, אָדער די זעלבע פראַגע, נאָר פאַרקערט: זיך אויסלייזן פון דער וועלט. אויף אָט דער פראַגע האָט דער דיכטער געגעבן אַן ענטפער, אַ טיפן און אָפּגעהאַקטן, ווי ער וואָלט אונדז ניט געוואָלט דערזאָגן ביזן סוף, כדי צו לאָזן אונדזער ווייטערדיקן לעבן אַליין באַשטימען די נויטווענדיקייט און מעגלעכקייט פאַר דעם. ער האָט אונדז אָבער ווי אונטערגעזאָגט אַ צייט וואָס קומט:

און אָט אַ שעה
פון אומגעדולד קען קומען, גרעסער נאָך פון צער,
אַ שעה פון גרעסערער עקשנות נאָך, און איך, צי איר,
צי יעדערער פון גאַס, אפילו תנחום,
אָנשטאָט מיט איין שפּיץ פינגער אָנרירן די וועלט,
זאָל אויפהויבן אַ האַנט מיט אַלע פינגער, —
וואָס מיינט איר, ר' באַסעווי, וואָלט געווען דאַן?

און ר' באַסעווי, דער פאַרקערפּערער פון דורכשניטלעכן פאָלקס־מענטש, מיינט, אַז אַן אומגליק וואָלט געבראַכט אַזאַ זיך קעגנשטעלן מיט קראַפט אַנטקעגן דער רשעות, ענטפערט אים צוריק דער מהר"ל:

אַן אומגליק? מאָלט אייך אוים, אַז ניט נאָר איך,
צי איר צי עמעץ אַנדערש ערגעץ־ווו
נאָר ער, אפילו ער, דער האָלצהעקער, וואָס אויפֿן הויף,
זאָל אויפהויבן זיין גאַנצע האַנט מיט אַלע פינגער —
צי וואָלטן זיי נאָך אַלץ געוואָלט מיר זאָלן — — — —

דאָ האַקט דער מהר״ל אָפּ זיינע ווערטער. צי ווייל דער געדאַנק זעט אים אַליין אוים צו דרייסט. נאָר גיכער דערפֿאַר ווייל ער האָט ניט פֿאַר נויטיק צו דערציילן זיינע אַלע מחשבות דעם דורכשניטלעכן מורא־האָבּענדיקן ר' באַסעווין, וואָס וועט סיי־ווי־סיי ניט באַגרייפֿן דעם טיפֿן געדאַנקן־גאַנג פֿון מהר״ל, וועגן יידישער גבורה. מיר זעען אָבּער, אַז דער מהר״ל פֿאַנטאַזירט שוין וועגן אַזאַ מעגלעכקייט. ניט נאָר ער, דער גייסט־מענטש, נאָר אויך דער פּשוטער ייד, ייד פֿון אַ גאַנץ יאָר, ר' באַסעווי, און אויך דער פֿאַרקערפּערער פֿון שטענדיקן רעטונג־זוכנדיקן מאַסן־מענטש, תנחום (מיט וועלכן מיר וועלן זיך נאָך באַקענען), — אַז ניט נאָר די דריי קאַטעגאָריעס מענטשן אין פֿאָלק זאָלן זיך פֿאַראייניקן, נאָר אויך דער רויער עם האָרץ; אַלע, אַלע זאָלן אויפהויבן די הענט, צוזאַמענבּיילן אַלע פינגער אין פויסטן — צי וואָלטן מיר דאַן אויך ניט געקענט זיך באַפֿרייען?

דער מהר״ל גיט אונדז די אָנדייטונג וואָס דאַן וואָלט פּאַסירט, ער ענדיקט אָבּער ניט זיין געדאַנק ביזן סוף, ווייל —
פֿאַראַן אַ צייט פֿאַר שווייגן . . .

* * *

ווי נאָר דער מהר״ל ווערט פֿאַרטיק מיט זיין וואָרט צום ביר־גערלעכן טייל פֿון דער געזעגלשאַפֿט, צו ר' באַסעווי'ן, אַזוי לאָזט דער דיכטער קומען בּרייט צום וואָרט דעם מאַסן־מענטש אין דער פֿאַר־קערפּערונג פֿון תנחום

תנחום איז דער עלנטער און אָרעמער וואָס לעבּט אין פּיין און צרות. זיין האַרץ איז אָבּער פֿול מיט רחמים צו דער גאָרער וועלט, ער גלויבּט, אַז נאָר ער קען העלפֿן די גאַנצע וועלט פֿון אונטערגאַנג; אויף אים שטיצט זיך די וועלט ער איז נאָר איצט דער באַלעבּאָס פֿון די חורבות, אָבּער ער קען באַפֿעלן, און ווען מען וואָלט אים פֿאָלגן וואָלט קומען אַ הערלעכע באַפֿרייונג פֿאַר דער גאָרער מענטשהייט

עס וואָלט געווען אַ פּסח (באַפרייונג)־נאַכט מיט גאָלד און זילבער, מיט ווייסקייט און ווייַן. אויך ער, דער דאָזיקער אידעאַליסטישער מאַסן־מענטש, איז נאָענט צום משיח־געדאַנק. און ניט אומזיסט פרעגט זיך שפּעטער אויף אים אליהו, שטעלט זיך איין פאַר אים, און תּנחום רעדט אומבאַוווּסט וועגן משיח'ן. אָבער דער מאַסן־מענטש תּנחום איז אַזוי פאַרטאָן מיט זיך, אַז די אויפפלאַמענדיקע רעוואָ־לוציאָנערע קרעפטן, וואָס שלאָגן פון צייט צו צייט אויף פון אים, פאַרוואַנדלען זיך גלייך אין אַ נעבעכדיקע אומבאַהאָלפנקייט.

תּנחום קען אָבער ניט פאַרגעסן, טראָץ זיין ליבע צו דער גאַנצער מענטשהייט, אַז זיין איינציקער זון איז געקוילעט געוואָרן אין אַן ערב פּסח:

וועז גיט דער גרויסער יום־טוב פּסח,
וואָלט נאָך ביז היינט געלעבט מיין יוחנן,
צי זאָלן מיר דערפאַר זיך אָפּזאָגן פון פּסח?

ער ווייס, דער יידישער מאַסן־מענטש, אַז אַדאַנק דער ערשטער נאַציאָנאַל־סאָציאַלער באַפרייאונג, אַדאַנק דעם פּסח, ווען מיר זיינען אַ פאָלק פון פרייע געוואָרן, האַסט אונדז די וועלט און קוילעט אונדזערע קינדער. אָבער ער וועט דערפאַר פון פּסח, פון באַפרייאונג פאַר זיך און אַנדערע, זיך ניט אָפּזאָגן. תּנחום איז געקומען צו וועלט און פאָלק־דערקענטעניש דורך פינצטערניש, דורך אַ שווערן ביטערן לעבן. די פינצטערניש האָט אַנטפּלעקט פאַר אים אירע טיפסטע סודות, און דערפאַר איז ער אַ סך מאָל רוי אין זיין רעוואָלוציאָנערן אימפּעט; חזרט שטענדיק איבער דאָס זעלבע. אָבער ער איז אמתדיק אין זיין ווייטאָגדיקן געשריי:

טויבע — ווי קאָנט איר הערן?
בלינדע — ווי קאָנט איר זען?

תּנחום איז פון אָנפאַנג דער שטאַרקסטער קעגנער פון דער רויער גוואַלד, פון גולם. ער געוווינט זיך אָבער אַלץ מער צו אים. ניט איינ־מאָל פרעגט ער אים: „ווער ביסטו?", ער וויל זיך דערגרונטעווען, פאַרשטיין דעם ניט געוויינלעכן באַדייט פון דער רויער קראַפט. און איינמאָל קלערט אים דער גולם אויף ווער ער איז:

דער פאַרזונקענער, וואָס האָט דערהערט דעם אויסגעשריי:
ניטאָ, ניטאָ, ניטאָ.

תנחום באַנעמט דאַן און פאַרשטייט, אַז ער, דער גוואַלד־מענטש, איז געקומען, ווייל קיינער איז ניטאָ. משיח איז ניטאָ; ניטאָ די אמתע גאולה דערווייל, און דערפאַר מוז דאָ זיין ער, דער גוואַלד־מענטש. תנחום מאַכט דאַן שלום מיטן גערדאַנק, גיט זיך אונטער. עס ווערט אים שוין אַפילו אַלץ איינס ווער ער איז; וויכטיק איז, אַז איינער דאַרף זיין, און ער אָגערקענט אים צום מאָמענט אַלס דעם איינעם. נאָך מער, ער ווערט דאַן אין זיינע אויגן גאָר אַן אַנדערער, ער זעט שוין ניט אין גולם די רויע גוואַלד, נאָר:

אַן אַנדערער, אַן אַנדערער און ניט דער זעלביקער.
אַ באַליכטענער, אַ שטראַלנדיקער. אַ ברענענדיקער
פנים.

די רויע גוואַלד רופט דאַן תנחומען נענטער צו זיך, און ביידע טיילן זיך מיט זייער פרייד פון עלנטקייט, ווייל ביידע זיינען עלנט און ביידן זיינען געבליבן נאָר די הוילע חורבות. און דער גולם רעדט דאַן צו תנחומען, דערקלערט אים זיין בענקעניש און ליבשאַפט צו אים, צום מאַסן־מענטש:

איך האָב גערעדט, אַוועקגייענדיק פון דאַנען,
מיט בייזע רייד צו דיר; נאָר האָסטו ניט געהערט
אין מיינע בייזע רייד אַ ווונק אויף מיין צוריקקער,
אַן אָנזאָג אויף מיין בענקעניש און ליבשאַפט?

אַזוי ווערט געשלאָסן, נאָך לאַנגן קעגנזייטיקן זיך באַקעמפן, אַ בונד פון פריינטשאַפט און ליבשאַפט צווישן ביידע כוחות.

# משיח גייט

דער גולם, אָדער, ווי מיר ווילן אים קלאָרער רופן, דער „קראַפט־מענטש“, האָט אַ דאַנק זיין באַרירונג מיט מענטשן, זיך געלייטערט. די ערשטע שנאה, תאווה און אומגליק, וואָס האָט איז די ערשטע טעג געשפּאַרט פון אים, האָט זיך איינגעשטילט, ער האָט אָנגעפאַנגען זען זעאונגען און באַגרייפן זיין שליחות פאַר וועלכער ער איז באַשאַפן געוואָרן. די ברייטע מאַסן האָבן אַפּנים שלום געמאַכט מיט זיין עקזיסטענץ, און זיין שליחות האָט געקענט זיך אָנפאַנגען דערגענטערן, אַלץ איז גרייט, אַז ער זאָל זי אַדורכפירן.

זיין מיסיע וועט ער אויספירן אין פינפער שלאָס, אין הויז פון עלנט און פיין, ווו עס וואַלגערן זיך בעטלער, קראַנקע, לאָמע, אָרוים־געשטויסענע פון דער געזעלשאַפט. ווי פאַרן פאָרגייער פון משיח׳ן שיקט זיך, אַז זיין הילף־אַרבעט זאָל ער ניט אויספירן אין רייכע סאַלאָנען, אין געהויבענע ערטער, נאָר אין אַ וועלט־טורעם פון חורבן. דורך דעם האָט דער דיכטער אין קלאָרער פשטות אונדז באַוויזן, אַז די רויע קראַפט — אויב זי קען נאָך האָבן אין צייטן פון נויטווענדיקייט איר באַרעכטיקונג — מוז אָבער זיין צום גליק און וווּל פון דער פאַרפייניקטער מענטשהייט. עס מוז זיין ניט נאָר אַ נאַציאָנאַלער, נאָר אויך אַ סאָציאַלער קאַמף; אַ קאַמף פאַר יושר און גערעכטיקייט אין ברייטסטן באַגריף. און דערפאַר קומט די ערשטע משיח־הילף פאַר יידן ווי ליידנדיקע, און פאַר די ליידנ־דיקע — ווי מענטשן.

האָט שוין דער מאַכט־מענטש זיך דערהויבן צו אַזאַ מדרגה, פאַנגט אָן דאָן זיין אייגן האַרץ לעכצן נאָך דער שענערער דערלייזונג, נאָכן אמתן משיח אמת, ער טראָגט טאַקע דערוויל משיח׳ס פּנים; ער איז אָבער נאָך ניט די שלימות דער ענדציל. ער איז ניט מער ווי דער צוגרייטער, דער דערווייליקער, דער אויפגעצוווּנגענער, ווייל:

קיין אַנדערן באַשטראָפער איז ניט ווערט די וועלט,
און מיר דערוויל — קיין אַנדערן באַשיצער.

דאָס אָבער וויל ניט פאַרשטיין, משיח אַליין, דער ענדציליקער באַפרייער. און דערפילנדיק די סכנה וואָס עס גרייט זיך ערב פסח, דערשמעקנדיק דעם ריח פון בלוט־בלבול, קען משיח זיך ניט באַהערשן. פון טיפן שטייניקן מדבר, ווו די מלאכים האָבן אים, ווי מיר ווייסן שוין, אָנגעבונדן אויף אַ קייט, רייסט ער זיך צו דערלייזן די מענטשן פון דער סכנה, אָדער כאָטש זיין מיט זיי צוזאַמען אין טאָג פון זייער אומגליק. פאַרשטעלט פאַר בעטלער, קומט משיח מיט אליהו הנביא אין פינפער שלאָס אין דער נאַכט איידער טאַדעאוש קומט פאַרטרייבן די בעטלער פון דאָרטן. אין פינפער שלאָס קומט צולויפן מהר״ל, דער גייסט וואָס ווייסט, אַז איצט איז נאָך די צייט פאַר רויע קראַפט, פאַרן גולם, און ניט פאַרן אמתן משיח. דער מהר״ל איז זיך גובר אויף זיין האַרציקייט און ליבע צו משיח׳ן: ער איז האַרט אין זיין

געשפּרעך צו אליהו'ן, ווען דער לעצטער צוזאַמען מיט משיח'ן ווילן ניט פאַרלאָזן די שטאָט, און בעטן ביים מהר"ל ער זאָל זיי לאָזן נאָר אָפּרוען דאָ די נאַכט, אַז מאָרגן וועלן זיי אַוועקגיין. דער מהר"ל ווערט אויך ניט ווייכער, ווען מען ווייזט אים משיח'ס צעווונדעטע פיס. און אַז אליהו באַקלאָגט זיך אויף דער נאַכט און איר פינצטערניש, האָט אויף דעם אַלעם דער מהר"ל נאָר איין ענטפער:

אַז ווי וואָלט זיין צו מיר און אים,
ווען איך פאַרטרייב פון זיך מיין האַרטקייט
און עפן אויף מיין האַרץ פאַר רחמים!

און דער מהר"ל גיט צו פאַרשטיין אליהו'ן אַז משיח'ס צייט איז נאָך ניט געקומען. ניט געקומען איז זי דערפאַר:

וואָס קען ער טאָן פאַר אונדז? וואָס זאָל ער טאָן?
צי האָט די וועלט שוין אויסגעלאָזט אויף אונדז
איר גאַנצע רשעות, אַלע שטראָפן?
צי איז שוין יעדערער פון אונדז פון לאַנד ביז לאַנד
געלעגן מיטן האַלדז אַנטקעגן חלף? — — —
אַז אָט איז דאָך מיין האַלדז נאָך ניט געקוילעט,
אַז אָט איז דאָך מיין גוף נאָך ניט פאַרברענט!

און דערפאַר שרייט אוים דער מהר"ל צו אליהו'ן:

נעם אים צו, אַנטלויף.
מיט אונדזער פּחד סם אים ניט דאָס האַרץ.
פון וואַנען זאָלן מיר אַרויסגיין אים אַנטקעגן,
אַז אַלע וועגן זיינען פול מיט הרוגים,
און אַלע טרעטן אויף דער שאַרף פון שפּיזן
און ווער זאָל זינגען אים אַ לויב —
דעם קרבנם ניט דערשחטן האַלדז?

וואָס ווייטער ווערן די מאָטיוון קעגן איצטיקן קומען פון משיח אַלץ שניידיקער און שטאַרקער. דער מהר"ל האָט איינעם, דעם כוח־מענטשן, דעם גולם, וואָס מעג פאַרגיסן בלוט פאַר בלוט, אָבער — ניט משיח. ער דאַרף זיין דער לעצטער. דערווייל האָט משיח ניט וואָס צו טאָן אין אונדזער פינצטערער וועלט. —

צי קען ער זיינע פינגער

צוגויפקלאַמערן אין פויסטן אייזערנע
און שלאָגן מיט רציחה איבער קעפּ?
צי קען ער דאָס געװוּרף פון בלוט פאַרליידן,
און אויך פאַרגיסן? אויפצומאָנען צאָן פאַר צאָן
און אויג פאַר אויג און קאָפּ פאַר קאָפּ?
צי קענען זיינע הענט די אויסגעצערטלטע
זיך לאָזן גריבלען אינעם שמוץ פון גריבער
און זוכן איברים, אַש פון ביינער.

אָט דערפאַר טאָר משיח ניט קומען, די וועלט איז נאָך ניט ראוי דערצו. אליהו פאַרשטייט עס. און נאָכן אויסהערן דעם מהר״ל, פאַרוואָס משיח טאָר איצט ניט קומען, באַגרייפט עס אויך ער, דער יונגער בעטלער, מישה אַליין. די פאַרדראָסיקע ביטערקייט, וואָס ער האָט פריער געהאַט פאַרגייט און משיח פאַרענטפערט זיך אפילו:

אַז איך בין דאָך אַליין געקומען,
אַזוי זיך דורכגיין דורך דער וועלט געוואָלט...
צי קען די וועלט דערפאַר זיין שולדיק?
איז זי דערפאַר מחויב אָפּצושטעלן
די מאָרדן אַלע, אַלע פיינטשאַפטן,
און אויפהערן דעם פעלקער־ און דעם ברידער־קריג?

משיח זעט איין, אַז אַזוי לאַנג ווי ס׳איז דאָ ברודער־ און פעלקער־קריג, מוז ער וואַרטן, ער מוז איבערלאָזן, אַז די רויע קראַפט זאָל העלפן און ענטפערן מיט צאָן פאַר צאָן:

פון דעם מאַן וואָס טראָגט דעם צלם
צו דעם בעטלער מיטן זאַק
קומט דער אויסלייזער, דער גולם,
מיט אַ פויסט און מיט אַ האַק.

אויך דער גולם איז אַן אויסלייזער, אַ משיח אין זיין צייט. צווישן מאַן וואָס טראָגט דעם צלם — די קריסטלעכע רעליגיע, וואָס האָט ניט געבראַכט קיין גליק דער מענטשהייט — און דעם בעטלער מיטן זאַק — יענע אַחרית הימים פון משיח — מוז דערווייל באַשיצן און אויסלייזן דער רויער כוח — דער גולם.

נאָכדעם ווי משיח האָט עס פאַרשטאַנען גייט ער אַוועק, צוריק

3

אין מדבר. דער דיכטער שיקט אים איצט פון אונדז אַוועק, כדי שפּעטער, אין זיין „גאולה=קאָמעדיע“, זאָל ער אים ברענגען שוין ווי די דאָמינירנדע געשטאַלט, דער גואל אַליין.

סיי דער גולם, די רויע גוואַלד, סיי דער מהר"ל באַווייגען משיח'ס אַוועקגיין, יעדער אויף זיין אופן. דער מהר"ל האָט אַנדערש ניט געקענט: ער האָט געמוזט משיח'ן איצט פאַרטרייבן. ער האָט געמוזט זיין האַרט, אַזוי האָט פאַרלאַנגט די לאַגע. ער בענקט נאָך משיח'ן, נאָר אין דעם באַשטייט די גייסט=גרויסקייט, אין קענען אָפּשאַצן די שעה און וויסן, ווער אין וועלכער צייט קען זיין דער גואל.

נאָר אויך דער גולם אַליין, די רויע גוואַלד, איז אַזוי באַגייסטערט פון משיח'ן, אַז ער יאָגט אים נאָך, וויל מיט אים אַוועק. פון דעם מאָמענט וואָס דער גולם האָט דערזען משיח'ן איז ער געוואָרן אַן אַנדערער. ער אַליין טרויערט ניט ווייניקער ווי דער מהר"ל אויף משיח'ס אַוועקגיין:

ניטאָ, ניטאָ, ניטאָ.
אַוועקגעטריבן האָט ער זיי.

ערשט נאָכדעם ווי ער האָט געזען משיח'ן, וואָס זייערע ביידנס פּנימער זיינען אַזוי ענלעך, האָט ער דערפילט אין זיך די פאַרבאָר=גענע כוחות. ערשט איצט האָט ער אָנגעפאַנגען זען זעאונגען, וואָס ער האָט ביז איצט ניט געזען. און נאָר אונטערן דרוק פון מהר"ל:

זיי דאָ, איך היים דיר. ז י י ע ר צייט.
איז ניט געקומען נאָך, און איצט איז דיין צייט. —

נאָר אונטערן דאָזיקן דרוק לאָזט זיך דער גולם צו דערפילן זיין שליחות. דורך דעם האָט דער דיכטער אַזוי קלאָר און אָפן אונדז געוויזן, אַז אויך דער גולם טוט ניט זיין ברוטאַלע אַרבעט פון גלוס=טעניש צו מאָרד, נאָר ווי אַ מוז פון דער צייט. נאָך מער: זיין אַרבעט איז פאַרבונדן מיט דער געשטאַלט פון אמתן משיח, פון דער אַנט=גילטיקער גאולה.

## „דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם“

דערווייל האָט דער כומר טאַדעאוש, דער פאַרקערפּערער פון דער קריסטוס=וועלט, קומענדיק פאַרטרייבן די אָרעמע יידן פון „זיין“ הויז, אונדז דערקלערט זיין קוק אויף יידן און יידנטום. ער זאָגט צום מאָנאַך וואָס באַגלייט אים:

דו קוקסט זיי אָן די בלומרשטיקע בעטלער —
זיי זייגען רייכער פון אונדז ביידן;

אַזוי איז די שפּראַך פון אַנטיסעמיטן, די אַלט־נייע — די אייביקע. נאָר דאָס וואָס טאַדעאוש זאָגט די יידן, די בעטלער, אין דעם האָט שוין דער דיכטער אַריינגעלייגט דעם טיפערן גרונט פאַר דער אייביקער שנאה. טאַדעאוש האַלט אַ לאַנגע רעדע און פּלייסט זיך צו אויפקלערן דעם טיפן פּסיכאָלאָגישן אונטערגרונט פאַרוואָס זיי האַסן אונדז און ווען אונדז האַסן:

צי האָבן מיר אייך ווייניק דען געפּייניקט,
געברענט, גערודפט און געפירט אייך צו דער שחיטה?
מיר זייגען מיד שוין לאַנג פון אונדזער האָס צו אייך,
פון אונדזער פלאַמיקער רציחה; און וואָס מער
איר וואַרפט זיך אין די אויגן אונדז מיט אייער האַרטקייט,
מיט אייערע פאַרביסענ'ע פאַרשטייפטע ליפּן,
אַלץ מער צעשטערט איר אונדזער חלום וועגן רו,
אַלץ מער צעפלאַקערט איר אין אונדז דעם האַס.

און דאַן ווייטער:

מיר האָבן אייך גערודפט; ווייניק נאָך — מיר וועלן מער!
מיר וועלן אונדזער בענקעניש נאָך רו און פרידן,
נאָך גוטס און ליבשאַפט שטילן נאָר אין אייער בלוט,
איר טאַנצט אַרום דעם פלאַם פון שייטערהויפנס.
מיר וועלן צינדן שייטערהויפנס מער און מער,
ביז וואַנען איר וועט אונדז פון אייך דערלייזן!
מיר טראַכטן, זאָגט איר, אויס אויף אייך בלבולים,
און איר — איר טוט נאָר און פאַרענטפערט זיך
און האַלט אין איין דערווייזן, אז ס'איז ליגן, —
וואָס האָט איר ניט קיין מוט אַרויסגיין אָפן
פאַר אַלעמען, איז אַלע גאַסן שטאָלץ און ווירדיק,
און זאָגן: יאָ, מיר טרינקען בלוט אויף פּסח,
מיר האָבן אַלעמאָל געטרונקען, וועלן טרינקען!
מיר ברענען אייך אומזיסט אויף שייטערהויפנס —
וואָס גייט איר צו זיין פייער ווי צום טאַנץ?

3*

וואָס מאַכט איר ניט קיין איבערפאַל אויף אונדז,
ווי מיר אויף אייך, מיט פאַקעלן און העק? —
און איצט, אין דער מינוט איך רעד צו אייך,
וואָס הערט איר מיינע רייד און ענטפערט ניט?
זאָל איינער זיך אַרויסווייזן מיט מוט,
אַרויסטרעטן, אַרויסכאַפּן מיין שטעקן
און געב: מיר אַ זעץ איבערן קאָפּ! — איר שווייגט,
איר וואַרט שוין איך זאָל אויסשרייען: אַרויס!
אָ אייביק, אייביק זייט איר גרייט צו גיין —
טאָ גייט!

טאַדעאוש האָט אונדז דאָ ניט נאָר געזאָגט פאַרוואָס זיי האַסן אונדז, ער האָט אונדז אָנגעזאָגט די אוממעגלעכקייט פון שלום צווישן ייד און קריסט דערפאַר — ווייל מיר לעבן אין „זיינע" טורעמס. מעג עס זיין אין די הרובסטע געטאָ־גאַסן, אָבער זיי זיינען זיינע, און ער וויל אונדז דאָרטן ניט האָבן. עס רייצט אויך זיין רציחה אונדזער זיך ניט אַנטקעגנשטעלן; ער אַליין רופט אַרויס קעגן זיך די רוי׳ע גוואַלד — דעם גולם. ער בעט מען זאָל אים שלאָגן מיט זיין אייגענעם שטעקן, מיט זיינע אייגענע מעטאָדן, און דער גולם טוט זיין שליחות: ער שלאָגט אויף לינקס און רעכטס, ער האַקט ביז בלוט אין טאַדעאושן און אין זיין באַגלייטער.

נאָך די קלעפּ שטעלט זיך אָבער טאַדעאוש אַלץ ניט אָפּ פון אויספירן זיין בלוט־בלבול, און דער מהר״ל שיקט דעם גולם צו זיין לעצטער שליחות, אָפּווענדן דעם בלוט־בלבול, אַרויסטראָגן די פלאַשן בלוט צום כומר טאַדעאוש דורך דער אונטערערדישער הייל, דורך וועלכע דער כומר האָט עס געבראַכט צום בית המדרש. דער גולם פירט אויס זיין שליחות נאָך אַ סך שוועריקייטן. אַלץ שטעלט זיך אים אין וועג, די הייל־כוחות, דער שטן, די ניט־גוטע שדים מיט זייערע טענץ, אומזיניקע, אַלץ און אַלע זיינען אויפן זייט פון כימר, אָבער דער מהר״ל זיגט, ער רייסט אַרויס דעם גולם פון אומזינטאַנץ, ער וואַרפט אויפן גולם זיין גאַנצע גייסטיקע מאַכט, און דער גולם דערפילט זיין שליחות. זיין שליחות פירט דער גולם אויס מיטן רוף „דורך טויט און בלוט אין לעצטן אָטעם". דאָס זיינען די ווערטער

וואָס דער מהר"ל הזרט כסדר איין מיטן גולם; די ווערטער טאָר דער גולם ניט פאַרגעסן. און דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם ליגט אייגענטלעך די גאַנצע מיסיע פון גולם: דעם אָ וועג דאַרף ער אַדורכ־גיין. דערצו איז ער באַשאַפן געוואָרן. ער דאַרף עס שטענדיק גע־דענקען. אין מאָמענט ווי ער פאַרגעסט עס, פאַלט ער אַריין אין טאַנץ פון אומזין, און דער גייסט וואָס פירט אים, דער מהר"ל, דאַרף קומען אים צווינגען צו דערפילן זיין לעצטע שליחות.

## דער טאַנץ פון אומזין

אויב דער בין איצטיקער טייל פון דער דראַמע, ווי אויך דער סוף, איז לייכט, קלאָר און פאַרשטענדלעך; אויב דער דיכטער האָט געענוג הילכיק, מיט פעסטע ווערטער אונדז געלאָזט הערן זיינע גע־דאַנקען — איז דער טייל, וואָס מיר באַצייכענען „דער טאַנץ פון אומזין". אַזוי פּאָעטיש טיף. און די געדאַנקלעכע טיפקייט אַזוי דין געצייכנט, אַזוי ווי די הייל־כוחות, וואָס טראָגן זיך אין טאַנץ קוים באַרירנדיק דעם באָדן. אַזוי אָט שוועבט דעם דיכטער'ס געדאַנק אין שטיל־שטילן געפּליסטער צו אונדז.

מיר טאָרן אָבער ניט פאַרבייגיין ניט דערהערנדיק דעם דאָזיקן טיפן סוד־געפּליסטער מיר קענען ניט אַריבערגיין מיט שטיל־שווייגן איבערן דאָזיקן טייל פון דער דראַמע. וואָלטן מיר עס געטאָן, פעלט אונדז דאָ אַ שטיק דיכטערישע וויזיע אין קינסטלער'ס משיח־טרוימען.

דער סיפּור־המעשה פון דעם טייל איז אייגנטלעך פּאָעטיש ־עאַל.

נאָך דעם ווי מהר"ל זאָגט צום גולם, אַז ער קען אים ניט באַ־גלייטן אין הייל, ווייל:

מיר גייען אויף די שפּורן איצט פון יענע וועגן,
וואָס הערשן איבער זיך אַליין, —

גייט דער גולם אַליין אַוועק. באַלד אָבער ווי ער, דער גולם, גייט אַריין אין הייל, העלפט אים ניט דער פאַראַל: „דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם". וואָס ער רופט כסדר אויס, לויטן מהר'לס אָנזאָג. אַלע אונטערערדישע כוחות און בייזע רוחות באַפאַלן אים און ווילן ניט לאָזן אויספירן זיין שליחות. ער פירט עס אָבער שפּעטער אויס

מיטן כוח פון אינו נראה, אַלזאָ מיטן העכערן כוח וואָס פירט דאָך אָן מיט אים. אויך אין דעם ליגט אַ טיפערער אָנדייט פון דיכטער צו אונדז: דער גולם, וואָס בעט זיך ביים מהר"ל ער זאָל מיט אים גיין, נאָר מיטגיין, זיין נאָנט צו אים, מוז אַוועקגיין אַליין, ווייל זיין כוח, זעט אויס, איז גרעסער ווי דער כוח פון מהר"ל. די קרעפטן וואָס קענען האָבן אַ שליטה אויפן גייסטיקן מהר"ל, קענען ניט האָבן קיין שליטה אויפן הומרדיקן „גולם". דורך דעם קען אָבער דער קראַפט־מענטש, דער ברוטאַלער כוח, קומען צום גלויבן, אַז ער איז ווירקלעך שטאַרקער און גרעסער פון מהר"ל, און אַפילו זיך פאַר־מעסטן אויפן אָרט פון מהר"ל, אויפן אָרט פון גייסט. אָט דערפאַר מוז דאָ ביי לייוויק'ן קומען דער טאַנץ פון אומזין, אין וועלכן דער גולם זאָל דערפילן זיין מאַכטלאָזיקייט, זיין אָפּהענגיקייט פון גייסט, און אַז ער איז נאָר דער צופעליקער, צום מאָמענט נייטיקער שליחות־אויספירער. באַלד ווי דער גולם דערפילט עס, איז ער ווייטער פריי אין זיין גאַנג צו דערפילן זיין שליחות. און דאָס זאָגט אים טאַקע דער אינו נראה, דער גייסט וואָס באַגלייט אים:

עס האָט געמוזט געשען, דו זאָלסט כאָטש איינמאָל
אויף זיך אַליין אַ קוק טאָן.

דאָס אַליין צו באַווייזן וואָלט אָבער דער דיכטער ניט באַדאַרפט אונדז פירן דורכן אומזין־טאַנץ. ווי ווייט און שטאַרק דער גולם איז געבונדן מיטן גייסט, האָט דער דיכטער אונדז דאָך שוין געזאָגט אין לויף פון דער גאַנצער דראַמע. איצט האָט דער קינסטלער אונדז עפּעס מער צו דערציילן. ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז ווי אַזוי אונטערערדיקע, שדים און הייל־רוחות, קענען אַריינפּלעכטן אַלע משיחים־באַפרייערס אין טאַנץ פון אומזין, אויך ווי און ווו עס קומט אַ שלום צווישן אַלע משיחים.

אָט די הייל־כוחות, די ניט וועלטיקע, די ווילדע, לאָזן זיך אין קאָרעהאָד:

זינגט דאָס ליד פון אַנגסט און טויט,
דרייט אים, דרייט אים און פאַרדרייט
אין דער מיט,
אין דער מיט.

זיי ווילן פֿאַרדרייען דעם גולם אין זייער אומזין, ווילן אים אָנ־שרעקן מיט טויט און אַנגסט. און אַז דער גולם שרעקט זיך נאָך ניט, זאָגענדיק:

— איך בין געשיקט צו גיין.

שרייען די הייל־רוחות:

ער איז אַ געשיקטער,
ווער האָט אים געשיקט?

זיי אָנערקענען ניט די שליחות, וואָס מען האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אים, זיי ווילן דעם גואל, וואָס איז געקומען מיט קראַפֿט, דער־שטיקן. גלייך ווי עס פֿאַרשווינדן די הייל־רוחות, ווייזט זיך פֿאַרן גולם אַ געשטאַלט, וואָס איז ענלעך צום מהר״ל. אויך דער פֿאַר־שטעלטער גייסט וויל דעם גולם באַצווינגען דורך אָפּנאַרן. דער גולם אָבער דערקענט, אַז דאָס איז „ניט רבי“, אַז דאָס איז עפּעס אַ פֿאַרשטעלטער, ניט מהר״ל. נאָך דעם ווי דער גולם שטייט אַדורך די אַלע פּרוּוון באַווייזט זיך צו אים דער אינו נראה, דער גייסט איבער אים און אין אים. איצט דערזעט דער גולם די פֿלאַשן קינד־בלוט, די סכנה, פֿון וועלכער ער איז געשיקט געוואָרן צו פֿאַרהיטן.

עס באַווייזן זיך די אונטערערדיקע, די אויפֿגעשטאַנענע פֿון לאַנגן קבר־שלאָף, פֿאַר וועמען בלוט און טויט און לעצטער אָטעם איז פֿרייד און פֿאַרגעניגן. זיי דערציילן אין זייער געשפּענסטער־קאָרעהאָד אַז אַלץ וועט שטאַרבן, אַלץ וועט חרוב ווערן — דער גולם. משיח און דער געקרייציקטער — אַלע וועלן אונטערגיין, די מענטש־הייט וועט ניט האָבן קיין גאולה פֿון קיינעם, און מיט דעם זיינען זיי צופֿרידן. זייערע פֿאַרפֿוילטע לייבער פֿון לאַנגן טויט־שלאָף קענען ניט צוזען קיין מענטש־באַפֿרייאונג

אין הייל הייבן אָן צוזאַמענקומען די וועלט־דערלייזער. דאָ זאָלן זיי שליסן אַ שלום צווישן זיך.

עס דערשיינט דער יונגער בעטלער, משיח, צום ערשטן מאָל אָן דער באַגלייטונג פֿון אליהו הנביא. דער סימבאָל פֿון אייביקן יידן באַגלייט ניט משיח׳ן צום קרייז פֿון אומזין, ווו עס זאָל געשלאָסן ווערן אַ שלום צווישן אַלע דריי וועלט־באַפֿרייערישע אידייען. אליהו האָט דאָ ניט קיין פּלאַץ. אַזאַ שלום־בונד איז אומזין, ס׳איז אַ שלום

אָן אַ טעם, אַ שלום וואָס איז ניט אויסגעקעמפט. ניט איינער איז דאָ געריכט, נאָר אַלע, — איז עס דערפֿאַר אַ שלום, ווי מען זינגט דאָס ליד פון גאָרניט און פֿון וואַנען. אַלע דריי משיחים זיינען אין הייל אַריינגעפאַלן מידע, אַפּאַטיש פֿון פּייניקונגען.

די וועלט — באַזונדער, מיר — באַזונדער,
קיינער ניט אין מיטן,
דער אומזין פֿון די לעצטע, לעצטע, לעצטע
ווונדער
וועט אַליין אונדז היטן.

אַזוי רעדט משיח, און ער גיט צו:

ווו ביסטו, הער מיין קול,
געגעגלטער צום צלם;
מיר מאַכן פרידן, פרידן, פרידן
היינט אויף אַלעמאָל. —
און דו, ווו ביסטו גולם?

די דריי מאָל „לעצטע", און די דריי מאָל „פרידן" זאָל אָנדייטן, אַז די דריי זיינען עס די לעצטע, און זיי דריי מאַכן עס אַ גלייכן פרידן. אַזאַ שלום קען נאָר געשלאָסן ווערן אין קרייז פֿון אומזין. דאָס לעבן וועט אָבער זיי ניט לאָזן דאָ. יעדער פֿון זיי וועט מוזן דער־פֿילן זיין שליחות ביזן סוף.

אויך דאָ, אין קרייז פֿון אומזין, זעט זיך דער גולם אַרויס שטאַרקער ווי משיח און דער געגעגלטער צום צלם. ער, דער גולם איז דער גאַנצער רײדער, ווייל זיין צייט איז איצט. צו משיח'ן זאָגט ער: „פוי, אַ פ ו י ל ק י י ט טראָגט פון דיר", און צום געגעגלטן — „פוי, אַ ט ו י ט ק י י ט טראָגט פון דיר". כאָטש סיי משיח און סיי דער געגעגלטער זאָגן אים: „דיינס אַ וואָרט איז מיינס אַ וואָרט", דאָס מיינט דאָך, אַז דורך דעם דערהויבן זיי אים אַליין צו אַ רעלי־גיעזער איבערנאַטירלעכער קראַפט. פונדעסטוועגן שאַנעוועט זיי דער גולם ניט, און זיי נעמען אָן זיין באַציונג און אָפּשאַצונג צו זיי אָן פּראָטעסט; ווייל משיח ווייס, אַז זיינע ווונדן מאַכן דערוווייל פֿוילן זיין לייב. און דער געגעגלטער ווייס, אַז ער איז שוין לאַנג טויט, ווייל זיינע גלויביקע, וואָס האָבן געזאָלט ווערן זיינע קנעכט, זיינען גאָר געוואָרן האַר איבער אים. און ער בעט זיך אַליין:

נעגל פון די הענט,
דאָרן פון מיין קאָפּ
קריצט זיך אין די ווענט
ביז איר קריצט זיך אָפּ.

און אַז די הייל־רוחות שטייגן איצט ווידער אויף, און דערזעען.
ליגט דער קרייץ -- נאָר ניט צום טראָגן,
ליגט די קייט — נאָר ניט צום קלינגען,
ליגט די האַק — נאָר ניט צום שלאָגן. —

פאַנגען זיי אָן שפּאָטן פון די דערלייזערס, וואָס אָנשטאָט דער־לייזן די וועלט, האָבן זיי זיך אַליין „דערלייזט" אין באַהעלטעניש פון אומזיניקער רואיקייט:

נעמט באַזאַלבט די קעפּ, דערלייזטע,
זיך אַליין

און זייער אָפּשפּאָט דערגייט צו טיפער איראָניע:

זעט, זיי זיצן זאַלבעדריט,
רירן זיך ניט, ריידן ניט.
ווער זיי זיינען ווייסט איר דאָך —
זינגט דאָס ליד פון זייער בראָך.

און דאָס ליד פון זייער בראָך איז:

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרניט,
זינגען מיר דאָס ליד פון וואַנזין. —

און וואָס קען נאָך זיין מער וואַנזין, — ווי גאָרניט?

ווען אַלץ טראָגט זיך אָפּ, אַלץ פאַרשווינדט, דערשיינט דער מהר"ל. דער גייסט איז דאָך אַדורך אַלע שוועריקייטן. ער קומט דאָ אין הייל זען, פאַרוואָס די שליחות איז נאָך ניט אויסגעפירט גע־וואָרן, פאַרוואָס דאָס בלוט איז נאָך ניט אָפּגעטראָגן געוואָרן דאָרט אַהין ווו עס געהערט. דער מהר"ל דערזעט דעם גולם אין אַ צושטאַנד פון פאַרווירטקייט. ער דערקענט שוין ניט זיין אייגענעם רבין. נאָר באַלד געלינגט דעם מהר"ל, ווי שטענדיק, צו נעמען די אויבערהאַנט איבערן גולם, דער גולם קומט צו זיך, און רופט אויס מיט אויס־שטייגענדיקער פרייד:

אָ רבי, רבי, דו ביסט דאָך רבי מיינער.

ווידער זיגט דער גייסט איבערן חומר; די רויע קראַפט מוז דער־פילן איר אָנגעצייכנטע שליחות.

# די לעצטע שליחות

די יידן פרייען זיך, עס איז אַ יום־טוב שבת צוליבן נס וואָס גאָט האָט געטאָן מיט זיי. וואָס דער בלוט־בלבול איז אָפּגעווענדט געוואָרן. אַלץ און אַלע זיינען געראַטעוועט. ווי אָפּט אָבער אין אַזעלכע פאַלן, טראַכט מען ניט, דורך וואַנען די רעטונג איז געקומען, ווער ס'האָט איר געבראַכט. אפילו דער מהר"ל אַליין באַווייזט זיך ניט מער פאַרן גולם. ווערט דער גולם אומרואיק, אַלע זיינע אָנשטרענגונגען און איבערלעבטע שרעקן, ביז די רעטונג איז געקומען, קנוילן זיך איצט פאַר זיינע אויגן. אַלע גרויל־ און בלוט־בילדער, וואָס ער האָט געזען, דער גאַנצער שווערער וועג, וואָס ער איז אַדורך אויפן וועג צו ברענגען רו פאַר יידן, זעט אים איצט אויס אַזוי שרעקלעך און אומזיסט קיינער דערנענטערט זיך ניט צו אים מיט אַ גוט וואָרט. ער ליגט אין פּאָלוש פון בית־המדרש ווי אַן איבעריקער. ווילדע חלומות לאָזן אים ניט אין רו. דאָס אַלץ איז אַ באַוויז, אַז אין גרונט איז ער ניט קיין פינצטערע קראַפט. ער איז גאָר קרעפטיק און אומדערשראָקן אין דערפילן שליחותן, געשאַפן צום באַפרייען אַן אָרעמע באַפּילבולדיקע מאַסע. איצט אָבער זעט אים זיין גאַנצער שליחות אויס פאַרדראָסיק. אַ באַגער באַנעמט אים, אַוועקגיין צוריק אין פינפער־טורעם און דאָרט, צווישן עלנטע און אָרעמע שוין זיין. נאָר אויך דער פינפער־טורעם איז פאַרשלאָסן שוין אויף אַלעמאָל. אין דעם מאָמענט, פון דעפּרעסיע און פאַרצווייפלונג, צוליב דעם וואָס דער מהר"ל האָט אים פאַרלאָזן און אַלע רייצן זיך מיט אים, גאָר ווי ניט ער וואָלט געווען זייער רעטער. — רייסט ער זיך אַרויס מיט זיין אַלטער האַק און פאַנגט אָן שלאָגן יידן.

דער מהר"ל טרעפט אים שוין אַ באַרואיקטן און אינערלעך געקרענקטן. דער גולם איז אין חרטה אויף דאָס וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. ער זאָגט, אַז געטאָן האָט ער עס „דורך בענקשאַפט", דורך בענקשאַפט צום מהר"ל, צו נשמהדיקער ליכטקייט, צו רו. דער

מהר״ל לאָזט זיך אָבער מער ניטריידן. ער לאָזט אים מער ניט זאָגן „רבי“. דער מהר״ל נעמט אָן דעם לעצטן בייזן טאַט פון גולם ווי אַ שטראָף פון גאָט:

— איך האָב געוואָלט פאַרמיידן בלוט, און בלוט פאַרגאָסן. —
ווי גרויס און ווי גערעכט איז דיין שטראָף, רבונו עולם.
און ער — ער קען אַפילו שולדיק דאָך ניט זיין.

און דער מהר״ל באַשליסט דערפאַר אים געבן זיין לעצטע שליחות — שטאַרבן.

דער גולם ציט זיך אויס אויף דער ערד, ליגט באַפעל פון מהר״ל, און ביזן לעצטן אָטעם בעט ער זיך: „זיי מיט מיר“, ער וויל דער מהר״ל זאָל פון אים ניט אַוועקגיין. נאָר דער מהר״ל איז פאַר־עקשנט אין מורא פון גאָטס שטראָף. עס פאַלן זיינע לעצטע ווערטער:

כ׳בין גוזר: זאָלן דיינע הענט און פיס, דיין קאָפּ,
דיין גוף מיט אַלע דיינע אברים, גידים
זיך אומקערן צוריק, צו זייער רו.
הויך אויס דיין לעצטן אָטעם. אָמן.

דער קראַפט־מענטש, דער גולם, באַוועגט זיך ניט מער, ווייל ער האָט זיין כוח אויסגענוצט דאַן ווען מען האָט שוין ניט געדאַרפט. ער איז אָבער ניט געשטאָרבן אויף אַלע מאָל, ווי דער דיכטער זאָגט אין זיין פאָרוואָרט צו דער „גאולה־קאָמעדיע“. ער ווערט נאָר גע־ליימט, דערפאַר ווערט ער אויך ניט באַגראָבן, ווי אַ טויטער, אויפן בית־עולם. נאָר, ווי די לעגענדע וויל האָבן, און ווי דער דיכטער וועט עס אונדז שפּעטער דערציילן, ווערט ער אַרויפגעטראָגן אויפן שול־בוידעם. דער גואל פון קראַפט גייט אַוועק צו רו און צו גרויסע חלומות, כדי שפּעטער שוין זיין ניט דער משיח אַליין, אָדער דער פאָרגייער פון משיחן, נאָר, דורך לייטערונג — דער ברענגער און באַגלייטער פון אמתן משיח.

# די גאולה־קאָמעדיע

## דער גולם חלומט.

נאָך לאַנגע יאָרן חלומען, שטייט ווידער דער גולם פאַר אונדז. ער קריכט אַראָפּ פון בוידעם און שטעלט זיך פאָר: „איך אויך אַן אַנדערער.“ אַן אַנדערער, אַ געלייטערטער איז ער, ווייל דער קול וואָס האָט אים איצט אויפגעוועקט איז ניט מער די באַפעלערישע שטימע פון מהר"ל, וואָס האָט אים געהאַט באַשאַפן איבער אַנגסט פאַר פיזישער קראַפט. נאָר איצט קומט ער ווידער צום לעבן אויסגעשטראַלט און ליכטיק, און זיין ערשטער רוף איז:

ליכט. ליכט.

באַגינען — —

אַ קול האָט מיך אויפגעוועקט.

אַ קול האָט גערופן. משיח בן־דוד.

אַ קול האָט גערופן חנינה.

און אַז דער קול פון דערבאַרעמונג, חנינה, דער קול וואָס רופט נאָך משיח בן־דודן, האָט אויך אים אויפגעוועקט, איז אויך אים ליכטיק. ניט ווי אין זיין ערשטער תקופה, ווען אַלץ אַרום האָט זיך געטונקט אין גאָרער פינצטערניש און ער אַליין איז געהילט געווען אין פינצטערניש.

דאָס איז אָבער נאָר אַ טיפער קול, וואָס האָט זיך צעזונגען און אַרויסגעשריען פון חלום און בענקשאַפט אין אים, צו משיח'ן. די צייט אָבער אין וועלכער ער האָט זיך אויפגעכאַפט איז דערווייל נאָך די צייט פון משיח בן־יוסף. דעם פאָרגייער פון אמתן משיח. דעם אמתן משיח, משיח בן־דוד, וועט ער, דער רויער כוח, אָ ־ ד ע ר ט ר וי מ ע ר פ ו ן ג א ו ל ה, דער גולם, — ער וועט ברענגען דעם אמתן משיח, ער וועט צערייסן זיין קייט.

* * *

דער דיכטער האַלט זיך פעסט אָן דער מסורה, וואָס זאָגט, אַז איידער עס וועט קומען משיח בן־דוד, וועט קומען משיח בן־יוסף.

אויך אין דעם ווערק „די גאולה־קאָמעדיע“, פירט לייוויק פאַר אונדז פאַר דעם געשיכטלעכן פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין דער

וועלט. ער פירט אונדז דורך אַלע יידיש־ און וועלטלעך־אידייאישע וועגן, דורכן יאָר־טויזנטער גראַנגל פון דער וועלט צו אמתער גאולה, צו אמתער פרייהייט — צו אַ וועלט פון כולו זכאי. און אַזוי ווי אונדזער וועלט האַלט נאָך אַלץ ניט ביי דער מדרגה, האָט דער דיכטער גענומען די צייט פון כולו חייב. אָבער, דאָ, ווי אין „גולם“, איז די צייט באַהויכט מיטן ווילן צום אמתן משיח. אַלע קאַמפן און בלוטיקע רעוואָלוציעס קומען פאָר אין נאָמען פון אמתער גאולה און אין ווילן צו כולו זכאי. די וועגן זיינען שווער, פול מיט שטרויכלונגען, און די מענטשן לאָזן זיך לייכט פאַנגען, מאַכנדיק שווערע טעותים. דערוויל טונקט זיך די וועלט אין פיין, אין בלוט און עלנט. אָבער דורך אַלע מלחמות, רעוואָלוציעס און בלוט־פאַרגיסונגען גייט די אמתע משיח־אידיי דאָך פאָרויס. פון גולם־צייט, ווען משיח האָט געמוזט פאַרטריבן ווערן מיט גוואַלד, ביז בן־יוסף־צייט, ווען דער גולם האָט זיך דערלייטערט צו ברענגען משיחן, איז דאָך אַ גרויסע דערגרייכונג אויפן וועג צו אמתער וועלט־דערלייזונג.

* * *

דער גולם געפינט משיחן אין מדבר.ביידע פאַרזינקען זיך אין זכרונות און ריידן רייד פון ליבשאַפט איינער צום אַנדערן. פון זייער געשפרעך הערט זיך, אַז בענקשאַפט און טרוים האָט זיי ביידן דער־פירט צו איין מדרגה אין אויסזען, אין פנים. דורך טרוים און בענק־שאַפט זיינען ביידע דערגאַנגען צו אַ קעגנזייטיקע ליבשאַפט און קרבנות־גרייטקייט, צו דערפילן די גאולה־שליחות.

לאָמיר אַרויסנעמען פון זייער גרויסן דיאַלאָג איייניקע אָפשניטן.

— משיח וויל אַ סימן פון גולם (וועלכן מען רופט שוין איצט ביים נאָמען — יאָסעלע), אַז מען וואַרט טאַקע אויף זיין קומען, און מען וועט אים ניט פאַרטרייבן, ווי ס׳האָט אים פאָריקן מאָל פאַרטריבן דער מהר״ל. ער וויל אַ סימן פון יאָסעלען, ניט קיין פערזענלעכן, ניט קיין סימן פון קיין משיח־פאַרליבטן איז משיח־טרוימער, נאָר:

אַ סימן פון דער וועלט וויל איך.

יאָסעלע:

מלחמות, הונגער, לעצטע אויסגעשרייען,

לעצטע תפילות, לעצטע האָפּענונגען — —
און בן־יוסף אין סכנה — —

חנינה:

אָט דאָס איז דער סימן.
אָט דאָס —
שנעלער —
קום.

משיח'ס וואָרט, מיט וועלכן דער דיכטער האָט געענדיקט די פּאָעמע „די קייטן פון משיח", דאָס וואָרט וואָס משיח האָט גערופן צו די אין גלות־גייענדיקע יידן און צום מלאך עזריאל, — אָט מיטן זעלבן וואָרט האָט זיך איצט משיח באַפרייט פון מדבר, מיטן וואָרט: קום.

אָבער דאַן האָט משיח גערופן דאָס פאָלק זאָל אים קומען באַפרייען, גערופן דעם מלאך־רעוואָלוציאָנער עזריאל. איצט איז ער אַליין, מיטן דאָזיקן וואָרט אויף די ליפּן, אַוועק צום פאָלק, אַוועק לויטן ווילן פון אַ טרוימער, פון יאָסעלען, וואָס האָט אויסגעבענקט משיחן אויף בוידעמער. און דערפאַר איז ער נאָך אַלץ געקומען צו פרי. ער איז איצט אַריינגעפאַלן אין נייעם קאָרעהאָד פון בלוט און שיגעון, כאַטש שוין אין לעצטן.

אמת, משיח קומט דאָ ניט נאָר לויטן ווילן פון יאָסעלען, עס איז אויך זיין אייגענער ווילן צוצואיילן זיין אייגן קומען, ווייל ער ווייס, אַז:

די גוטסקייט און די ליבשאַפט קומען ניט —
מען דאַרף זיי ב ר ע נ ג ע ן

אוודאי וואָלט ער געקענט ליגן אין מדבר און וואַרטן ביזן סוף־חייב, ער וויל אָבער מקרב זיין דעם קץ, ער וויל ניט וואַרטן ביז אליהו וועט אים קומען אַרויסנעמען פון מדבר. ער לאָזט זיך גיין מיטן כוח־מענטש — יאָסעלען, וואָס ליבט אים. און אויב די וועלט איז שוין אין הונגער און נויט, מוז מען צואיילן די גאולה איצט. ער ווערט דעריבער ניט נתפעל ווען אליהו דערקלערט אים, אַז ער איז אַוועק צו פרי פון מדבר און אַז ער האָט געטאָן אַ פעלער, וואָס ער האָט זיך געלאָזט מיט יאָסעלען, וואָס איז:

געלעגן אויפן בוידעם — ניט טויט, ניט לעבעדיק.
אין ווייסטער פינצטערניש פאַרזונקען;
און דו — אין וואַכעדיקייט שטענדיקער, אין קלאָרער פּיין.

אליהו וויל דאָ דערקלערן אַז אונטערשייד פון וואַנען די בענקשאַפט צו גאולה נעמט זיך. ביי משיחן איז עס אַ בענקעניש דורך קלאָרער פּיין; ביי יאָסעלען איז עס אַ ליכטיקע אַנונג דורך אַ פינצטערן לעבן. אָבער משיח וויל ניט הערן דערפון. ער וויל ניט וויסן פון אונטערשיידן. וויכטיק איז, אַז דאָ גייט פאַרן ווויל פון באַפרייאונג, און דערפאַר שרעקט אים אַפילו ניט וואָס אליהו וואָרנט אים:
זאָלסט וויסן זיין: אויך ער וועט דיך פאַרראַטן.
משיח איז גרייט אויף אַלץ, ווייל:
די גאולה דאַרף זיין ביליכער פאַר דעם גואל.

דערמיט שטעלט זיך משיח אַליין ווי אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס איז גרייט צו גיין זיין גורל אַנטקעגן, דורך אַנטוישונגען, דורך פּיין, ליידן, און באַיאָט אַלע פאָרגייער פאַר אים, ווייל אַזוי איז דער גורל, דער גורל פון אַלע רעוואָלוציעס צו דער פאַרווירקלעכונג פון באחרית הימים, אַז זיי זאָלן גיין דורך בלוט —
ווייל אויך די גאולה וועט ניט אויסמיידן די האַק.

דאָס מיינט ניט, אַז משיח וויל אַזוי. פאַרקערט. עס איז אָבער ניט מעגלעך קיין אַנדער דערגרייכונג צו דער גאולה, און דערפאַר נעמט ער בעל כרחו די האַק, וואָס דאַרף ברענגען די פרייהייט. מיט דעם ווילן מיר זיך אָבער נאָך שפּעטער באַקענען, אין גאַנג פון לייוויק'ס ווערק. דערווייל געפינט זיך נאָך דער משיח־טרוים אין כולו־חייב־צייט, אין דער בן־יוסף־צייט.

## כולו חייב

גוג און מגוג, וואָס זיינען אין דער דראַמע ניט קיין הויפּט־פיגורן, זיינען שוין טויט. אויך יעדערן פון זיי האָט דאָס פאָלק געהאַלטן פאַר אַ באַפרייער. מגוג האָט דערשלאָגן גוגן און פאַרשפּאַרט בן־יוספן אין תפיסה, נאָך דאָס פאָלק איז אויפגעשטאַנען קעגן מגוגן, באַפרייט בן־יוספן, וועלכער דערהרגעט מגוגן. איצט, אייגנטלעך, קען שוין קומען משיח בן־דוד. ווייל נאָך דאָס איז געווען

בן־יוספס שליחות — געווינען די מלחמה מיט מגוג, וואָס האָט באַזיגט גוגן. אָנגעהעצט אָבער פון זיין באַגלייטערין לילית (לילית — דער סימבאָל פון אַ פאַררעטערישער פרוי) און שיכור פון מאַכט, וואָס ער האָט איצט געקראָגן, וויל ער ניט אָפּטרעטן דעם אָרט פאַרן אמתן משיח.

משיח בן־יוסף איז אַ צווייטער יאָסעלע, אַ העלפער דורך קראַפט, און כאָטש ער איז גייסטיקער פון גולם, ווייל ער איז דורך גאָר אַנדערע כוחות אַרויסגערופן געוואָרן צו זיין ווירקן, און כאָטש ער איז דער לעצטער פאָרגייער פון משיח בן־דודן און טראָגט אַפילו אויך דעם נאָמען משיח — רופט ער דאָך ניט אַרויס אין אונדז קיין ליבע צו אים, ווי מיר פילן עס צום גולם. ניט נאָר ווייל פון אים פאַרלאַנגען מיר מערער, נאָר אויך שוין צוליב דעם, וואָס אויב דער גולם לייטערט זיך פון תקופה צו תקופה אַלץ מער צו אַ משיחישער געשטאַלט, איז דאָס אומגעקערט ביי בן־יוספן — ער גייט אַלץ מער אַוועק פון זיין שליחות. מיר זעען אפילו ניט אין אים קיין פיזישן העראָאיזם. אפילו אין מינוטן פון אויפריכטיקייט, ווען ער בענקט נאָך משיח בן־דודן, איז זיין בענקשאַפט ניט אַזוי טיף און האַרציק ווי די בענקשאַפט פון יאָסעלען, אפילו ווי דאַן ווען ער איז נאָך אַ גולם געווען. בן־יוסף איז מער אַ טראַגישע ווי אַ העלדישע פיגור, כאָטש ער איז רוחניותדיקער ווי דער גאָר הומרדיקער גולם. און אפשר גראָד דערפאַר. אויך אין גולם האָבן זיך געוועקט תאוות, די תאווה צו אַ פרוי, צו דבורהלען, דעם מהר״לס אייניקל. אָבער דאָס האָט אים ניט אַוועקגעפירט פון זיין שליחות, אפילו בשעת ער האָט זי געהאַט אין פינפער שלאָס און געקענט זי באַצווינגען. דווקא בן־יוסף ווערט אין גאַנצן איבערמעכטיקט פון דער שיינער פרוי לילית, וואָס זאָגט אים:

האָסט אַלץ אַליין געטאָן, אַליין געקעמפט, אַליין פאַר־
    גאָסן בלוט,
און איצט וועט קומען ער — דער אַנדערער — אויף
    אַלעם גרייטן,
        און דו אַליין וועסט נאָך אים אָנטאָן אויפן קאָפּ
            די קרוין פון ריינער קדושה און פון **צדק**,

און ער וועט דיך דערפֿאַר בּאַדאַנקען מיט דעם נאָמען —
רשע —

אָט הער איך דאָך אפילו איצט די ליפּן דיינע נאָכאַנאַנד
מיט ציטער פּליסטערן: אָ, קום, חנינה, קום, בּן דוד. —

די ליפּן פון בּן־יוסף פּליסטערן צו אמתער גאולה. ער ווייס, אַז ער האָט זיין שליחות שוין דערפילט, אָבער אָנגערעדט דורך אַזעלכע רייד, וואַרפט ער אַריין משיח בן־דודן אין תפיסה און פּייניקט זיך אַליין צוליב זיין אייגענער רשעות און מאַכט־גיריקייט. דער גאַנצער טראַגיזם פון זיך איבערלעבן, דער אומווילן פון רעוואָלוציאָנער׳ס גאולה־בּרענגער, צו לאָזן פאַרן פאָלק די פרייהייט, וואָס זיי האָבן אויסגעקעמפט, קומט צום אויסדרוק אין דיאַלאָג צווישן די ביידע משיחים אין תפיסה.

בּן־יוספס געוויסן רוט דאָך ניט און קומט בּעטן בּיי זיין געפאַנגענעם רחמים. ער בּעט משיח בּן־דודן ער זאָל אַוועקגיין אין מדבּר. און אַז משיח בּן־דוד אַנטזאָגט זיך, דערקלערנדיק, אַז איצט איז זיין צייט און משיח בּן־יוספס צייט איז פאַרבּיי, ווייל:

א גואל דאַרף ניט גליקלעך זיין.

פרעגט משיח בּן־יוסף:

און ווער דאַרף יאָ?

חנינה:

דאָס פאָלק.

משיח בּן־יוסף:

איך וויל אויך זיין גליקלעך.

חנינה:

דעם גואל קומט עס ניט.

משיח בּן־יוסף:

אָבער איך וויל.

חנינה:

ווילסט צופיל.

דערפאַר האָסטו פאַרראַטן דיין שליחות.

אויף וויפל רעוואָלוציאָנערע בּאַפרייער, ווילן שפּעטער גליק פאַר זיך, קעגן ווילן פון פאָלק, אויף אַזויפיל פאַרראַטן זיי און בּרענגען

4

אום דאָס וואָס זיי האָבן אויסגעקעמפט, און עס באַקומט זיך, אַז זייער רעוואָלוציע איז ניט געווען קיין מלחמת־מצווה, נאָר אַ ברוטאַלע בלוט־פאַרגיסונג.

משיח בן־יוסף לעבט אין סתירות. ער ראַנגלט זיך צווישן דעם טיף פאַרשטאַנענעם אמת און דעם אין אים אַריינגעדרונגענעם לילית־גייסט צו מאַכט, כבוד און אייגן־נוציקייט. דעם דאָזיקן טיפן נשמה־געראַנגל אַנטפּלעקט פאַר אונדז דער דיכטער אין די ווערטער פון בן־יוספן, גאָכדעם ווי ער האָט פון וואַנזיניקייט ברוטאַל צעשלאָגן משיחן. —

גואל חנינה, מיין ברודער,
אָ, זע, וואָס איז געוואָרן פון מיר!
אַ שלאָפלאָזער פּחדן — אַן אַכזר איז געוואָרן פון מיר.
די שרעק פון פאַרגייז איז אַריין אין מיין בלוט. — —
פאַר פעלקער, פאַר מאַסן — פרייהייט געבראַכט,
פאַר הונגעריקע זאַטקייט געבראַכט,
הוליאַנקעס און טענץ —
פאַר אַלע תענוגים אַ היתר געגעבן,
און פאַר זיך — סם, סם. — —

די שרעק פון פאַרגיין, דער געדאַנק, אַז ער דאַרף איצט פאַר־לאָזן די מאַכט, פאַ״ן גליק פון פאָלק, צעוועקעמט זיין האַרץ. אָט אין דעם באַשטייט די טראַגישקייט פון דאָזיקן גואל. — ווייַ צו אַ רעוואָ־לוציאָנער, וואָס פאַרגעסט, אַז ניט פאַר זיך האָט ער געקעמפט און גייט איבער זיין צייט.

עס בלייבט ניט קיין ספק, אַז דער דיכטער האָט מתכוון געווען אונדז צו ווייזן דעם אינטעלעקטועלן כוח־מענטשן. ווי ער איז מער געבונדן צו זיין פיזישן רצון, פאַרשיכורט פון זיין מאַכט, גדולה און תאווה, אַ סך מער, ווי יאָסעלע, דער פשוטער כוח־מענטש, אין וועמען די שוואַרצע כוחות, אמת, קומען שטורמישער, מיט מער אויסברוך. אָבער זיי ווערן באַהערשט (אַזוי צום ערשטן, צום צווייטן און צום דריטן מאָל), פון דער געבונדנקייט מיט זיין שליחות; זיי ווערן באַ־הערשט ניט פון ראַציאָנאַליזם, נאָר פון אַ טיפערן, נשמהדיקן אונטערבאַוווסטזיין־ליבע צו משיחן. בן־יוספס געדאַנקן־גאַנג און

זיין ליבע צו משיח בן־דוד איז אַ סך אַ טיפערער ווי דעם גולמס, זיינע רייד זיינען מער געשליפן, טראָגן דעם שטעמפל פון פילאָזאָפי־שער דערקענטניש. ער פאַרפלאָנטערט זיך אָבער אין זיינע אייגענע געדאַנקען. ער איז מקריב די אייביקייט־אידיי פאַר דער דערווייליקייט און וויל איבערקליגן דעם געשיכטלעכן מוז. אין ווילן צו הערשאַפט קען ער דערפאַר ניט פלאַנצן קיין זיטלעכקייט און תורה צווישן די באַפרייטע, נאָר, פאַרקערט, ער מוז נאָכגעבן זייערע אַלע גלוסטענישן, ער מוז אויף אַלץ אַ היתר געבן, כדי פאַרשיכורן און באַפרידיקן דאָס פאָלק איבער וועלכן ער הערשט. ער ווערט אַזוי אַרום ניט דער וועג־ווייזער פון די מאַסן, נאָר זייער קנעכט. אַזוי דערקייקלען זיך, סיי דער באַפרייער און סיי די באַפרייטע, צו אַ לעבן פון הפקר, צו כולו חייב.

* * *

אין „כולו חייב“־קאָרעהאָד ווערט אויף איין ווײלע אויך אַריינ־געפלאָכטן יאָסעלע. יאָסעלע, וואָס האָט פון מדבר באַפרייט משיחן, פאַרראַט זיין אייגענעם חלום. דער פאַרראַט פון יאָסעלען טוט אונדז באַזונדערס וויי. ווייל מיר שפּירן, אַז דער מאַכט־מענטש, וויפל ער זאָל זיך ניט לייטערן, קען דאָך צייטנווייז ניט נאָכהאַלטן דעם טיפן געדאַנקען־גאַנג פון אמתן גואל.

און וועגן די אויפגאַבן פון אָט דער גאולה, פון אמתן גואל, הערן מיר פון משיח בן דור:

וואָס טוט מען מיטן בלוט, וואָס ווערט פאַרגאָסן?

איינער, אַ בעל־חשבון, מוז דאָך פאַרענטפערן —

און משיח, דער געלייטערטער צו כולו זכאי, וויל זיין און איז — דער איינער. דערפאַר לאָזט ער זיך פאַרפאָלגן, פאַרשרייען פאַר משוגע, נעמט אָן מיט ליבשאַפט אַלע יסורים און אַפילו דעם מינוטיקן פאַרראַט פון יאָסעלען וואָס פאַרראַט אים, ווייל ער וויל פרייד, ווייל ער קען ניט פאַרשטיין דעם בעל־חשבון, דעם וואָס פאַרנעמט אמתע גאולה אין שטילקייט פון שווייגן:

מאָס פאַרלאַנגט ער, —

אַחריות רופט ער עס; אַחריות זוכט ער אין אונדז אַלעמען;

און — צאָלט אים אוים פאַר יעדן טראָפּן בלוט,

4*

פאַר יעדן אומגעבראַכטן נאָגל! —
די גאַנצע וועלט זאָל זיצן שבעה. — —

אַפילו צו די פּיינט פון פאָלק פאַרלאַנגט ער רחמים. —

אַזאַ גאולה קען שווער באַגרייפן דער געוועזענער גולם, וואָס האָט דורך טויטן עלנט אויסגעבענקט משיחן און וואָס וויל איצט פרייד פאַר זיין אויסגעצערטן לייב, פאַר לייב וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַרן גואל. יאָסעלע קען שווער נאָכהאַלטן דעם געדאַנקען־געקלעטער פון משיחן. ער וויל איצט לאָזן זיך צעשפּילן די פרייד, וואָס רייסט זיך אויפמאָנען פאַר אַלע געטויטע יאָרן. רופט ער צו משיחן:

די פירסט דאָך חשבון, וויז דעם חשבון —
און — באַצאָל — —
צאָל אָפּ אויך מיר פאַר אַלע יאָרן די געפּינצטערטע
אויפן בוידעם —

צאָל אָפּ;
צאָל אָפּ אויך זיך אַליין פאַר גאָר דעם עלנט דיינעם אין
דעם מדבר. —

ער פאַרשטייט ניט פאַרוואָס ער, און טאַקע אויך משיח אַליין, זאָלן ניט טאָרן זיך פאַרגינען אַ ביסל הפקר. דורך אַלע יאָרן פון זיין אָנגעשפּאַנטן וונדער־וועג האָט ער זיך ניט געטאָרט פאַרגינען די תאווה פון זיין לייב, זיין לעבן איז געווען אייביק אַ פאַרבאָרגנם זיין אייגן לייב ווי איבעריק. און איצט, אַז משיח איז שוין געקומען, גייט ער אַרום אַ טרייעריקער, אַ פאַרוויטיקדיקער און ציילט נאָר די קרבנות פון פּיינט. משיח אַליין האָט ניט פיל געליטן פון די מענטש, אָבער ער, יאָסעלע, דער קראַפט־מענטש, איז דורך יאָר־הונדערטער פון אַלעמען אונטערדריקט געוואָרן אין זיין האַרץ איז דערפאַר ניטאָ אַזויפיל רחמנות צום פּיינט. עס שפּאַרט איצט פון אים דער ווילן צו פרייד, און ער לאָזט זיך מיטציען אין קאָרעהאָד וואָס זינגט:

הייסע לייבער
אין געוועטן,
אַלע גאַסן
זיינען בעטן.

נישט אין פֿאָרן, —
קופּעס, קופּעס;
אַלע הימלען
זיינען חופּות. — —

אָבער נאָר איין קליינע ווײַלע האַלט ער אָן דעם דאָזיקן פֿאַרראַט קעגן אמתן גואל. באַלד וועקט זיך צוריק אין זיין האַרץ די ליבע צו משיחן און דער פּראָטעסט צו מינוטיקער פֿאַרבלענדעניש:

מיין ליבשאַפֿט איז אַ פריערדיקע פֿון מיין שנאה

ער בעט איבער משיחן, און ער גייט מיט אים אַוועק צו תפיסה און ליידענדיקער ליבשאַפֿט. סוף־סוף האָט ער אויך איצט, אין מיטן אויפשטורעם פֿון זיינע תאווה־געפילן, אַ ל יי ן, אָן קיינעמס הילף, זיך אַרויסגעריסן פֿון פֿאַרבלענדעניש, און, ווי שטענדיק, זיין שליחות ניט פֿאַרראַטן. אַ סך זיינען שוין געווען די פֿאַרבלענדענישן און שטרויכלונגען וואָס האָבן דורך זיין גאַנצן לעבן זיך געשטעלט אים אין וועג. ער האָט מינוטנווייז זיך געלאָזט פֿאַרפירן. זיין העכערער שליחות־באַוווּסטזיין האָט אָבער אומעטום געזיגט. ווי אַ קראַפֿט־מענטש האָט דאָס פּיזישע צייטנווייז געגומען אין אים די אויבער־האַנט. ער האָט אָבער שטענדיק זיך צוריקגעפונען, און די גרעסטע וווּנדער דורך הונדערטער יאָרן איז דאָך דורך אים געקומען. זיין עצם אויפקום צווישן יידן — דעם ערשטן מאָל — איז אַן איבער־נאַטירלעכקייט. און זיין שפּעטערדיקער אַליין דערוואַכן, נאָך הונ־דערטער יאָרן מויטקייט, דורך טרוים און בענקשאַפֿט צו משיחן, פֿאַרדינט די פֿאַרגעבונג פֿאַר זיינע שוואַכע מינוטן. אויך משיח וויים, אַז די „שנאה יאָסעלעס איז ריין ווי ליבשאַפֿט". און זי איז טאַקע ריין אַזוי.

* * *

ווי שטענדיג אין צייטן פֿון משיחס גרעסטער פֿאַרצווייפֿלונג, באַווייזט זיך פֿאַר אים אליהו, דער סימבאָל פֿון יידישן פֿאָלק. אליהו רעדט צו אים רייד וואָס דער גואל וויים אַליין:

די גאולה געבראַכט איז נאָמען פֿון אָרעמע,
און שוין זיינען ווידער דאָ זאַטע און הונגעריקע,
און שוין זיינען דאָ חונפים.

און העצער און אויסניצער די גאולה פאַר זיך.
און שוין זיינען ווידער דאָ שטאַרקע און שוואַכע,
מקורבים און פרעמדע יחסנים און לעצטע.
בן־יוסף אַליין איז שויז שיכור פון גדולה,
און פאַרגעסט צוליב וואָס ער איז געקומען.
די מאַכט ניט פאַרלירן — זיין איינציקע זאָרג,
און גאווה און רשעות — זיין הייליקע תאווה.

אָט אַזוי זעט אוים דער גואל און זיין גאולה, ווען דער גואל לעבט אַריבער זיין צייט.

און, ווי דרך אַגב, גיט אונדז דער דיכטער אַן אָנווונק אויף דער אייביקער יידישער טראַגיק פון זיין דער בליץ־אָפּלייטער פון דער וועלט־שנאָה צו אמת משיחישער גאולה. — אַז די בן־יוספניקעס יאָגן נאָך אין פאַרפאָלגונג משיחן, זאָגט אים אליהו:

בלייב דאָ, און איך וועל נעמען לויפן —
וועט עולם נאָכיאָגן נאָך מיר.

משיח באַהאַלט זיך אוים, אָבער ער פאַלט דאָך אַריין אין תפיסה. אויך אים, דעם אמתן משיח, טאָר די טורמע ניט מיידן. יעדע גאולה, ווי פרייהייט, גייט דערווייל מיט קייטן־געקלאַנג דורך קאַזע־מאַטן.

## „די אויסגעלייזטע טאַנצן — און דער גואל יאָמערט“

משיח בן־דוד איז אויסגעשטאַנען אין תפיסה פיין און באַליידי־קונג. זיין גוף פאַרוואונדעט, זיין נשמה פאַרוויוויטיקט. אַזוי אויך יאָסעלע. נאָר „די צייט פון ליבשאַפט און שטילקייט איז אָנגעשטאַנען“. נאָך אַלע ווילדע פרייד־הוליאַנקעס האָט דאָס פאָלק אָנגעפאַנגען זוכן רו, בענקשאַפט נאָך אמתער גאולה. די ליבע צום אמתן גואל, וואָס יאָסעלע האָט פאַרזייט אין פאָלק, און די שטאָלצע האַלטונג פון אמתן משיח איז איינגעגאַנגען אין די מאַסן, און זיי האָבן זיך אומגעקוקט צום באַפרייער, וואָס ליגט געשמידט אין קייטן. בן־יוספס גורל איז, ווי דער גורל פון זיינע פאָרגייער — די האַק. בן־יוסף נעמט אָן מיט אָפענע הוצפה זיין גורל. אויך איצט רעדט צו אים משיח

בן-דוד רייד פון ליבשאַפט, און אַליין איז ער אין יאוש. ער דער-פילט, וואָס ער האָט פריער געאַנט, אַז אויך ער, די אמתע גאולה, וועט מוזן קומען מיטן כוח פון האַק; די האַק וועט מען אויך איצט ניט קענען אויסמיידן. און מעג זיין נאָר אויף איין איינציקן קאָפּ. און כאָטש ער האָט עס פריער געוווּסט, שטייט ער איצט דאָך איינ-געהילט אין שוידער-געפיל, אַז זיינע פינגער וועלן מוזן בלוט פאַר-גיסן. אָבער:

אַזוי באַפעלט די אומפאַרמיידלעכקייט:
אין אָנהויב איז געווען די האַק;
און ווי עס איז געווען ביים אָנהויב,
אַזוי מוז אויך ביים סוף זיין.
און ווער עס וויל זיך אַרויסדרייען און אָפּווייכן —
וועט אָפּווייכן פון אמתדיקן גורל.
די הענט דיינע — זיי וועלן בלייבן ריין, —
נאָר אויסגעלייזט די וועלט וועט קיינמאָל שוין ניט
ווערן, — —
און בלוט וועט ווייטער, ווייטער גיסן זיך...
איז וואָס וועט דעמאָלט זיין מיט דיינע ריינע הענט?
און ווי וועלן זיי ריין זיין? ווי?
אויב בלוט וועט ווייטער, ווייטער גיסן זיך. —
קלייב אויס: גאולה — אָדער ריינע הענט.

און דער גואל שטייט צווישן דער דילעמאַ — „ריינע הענט אָדער גאולה“. און ער ווייס אויך, אַז ס'איז קיין חילוק ניטאָ, אויב עמעצער אַן אַנדערער וועט אים פאַרבייטן. דאָס וואָס אַ סך הער-שערים און מאַכט-גיריקע פאַרשטייען ניט. נאָך מער — „אויב טאָן — דאַרף איך אַליין“.

און דאָך האַלט זיך משיח צוריק פון אויספירן דעם טאַט, ביז אליהו באַווייזט זיך. ער פרעגט אים, זיין שטענדיק טרייען באַגלייטער און פאָרויסווייסער: אָ, זאָג, צי מוז אויך מיין גורל זיין — בלוט?

אליהו — וועמען בן-יוסף האָט אויסגעשניטן די צונג פון מויל — שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, און משיח טוט דעם ווילן פון פאָלק. אָבער וואָס מיינט ווילן פון פאָלק? פאַרן אמתן גואל איז „ווילן פון

פאָלק״ ניט קיין פאַרענטפער פאַר בלוט־פאַרגיסונג. משיח פאַנגט אָן לײַדן דעם ווייטיק, וואָס זיינע הענט האָבן פאַרגאָסן בלוט. דאָס פאָלק פריידט זיך, טאַנצט, יובלט מיט דער שמחה פון אמתער גאולה, מיטן פרייד פון פאַרגאָסענעם בלוט צום לעצטן מאָל. משיח אָבער זונדערט זיך אָפּ. ער פאַרשפּאַרט זיך צוריק אין מאַרטיר־קאָמער און וויינט אויס זיין עלנט־קלאָג. דאָס בלוט וואָס ער האָט פאַרגאָסן פון זיין פיינט, כאָטש אַזוי האָט געמוזט זיין, ברענט אים, טוט אים וויי, און ער לאָזט זיך ניט באַרואיקן.

## דריי געשטאלטן

אויסער די געשטאַלטן וואָס מיר קענען, שפּילן נאָך דריי העלדן אַ באַזונדערע ראָלע אין דער פּאָעמע — אַרמילוס, דער תליון און דבורהל.

אַרמילוס איז דער נביא פון „אייביקן היינט". זיין נביאות ענדערט זיך מיט די געשעענישן. ער האָט געזאָגט נביאות פאַר גוג, פאַר מגוג, פאַר בן־יוספן און איצט — אויך פאַר בן־דודן. אַרמילוס זאָגט ניט קיין ליגן. פּונקט ווי ער שעמט זיך ניט מיט זיין שטייניקן אָפּשטאַם, אַזוי שעמט ער זיך אייך ניט מיט זיין שליחות צו זיין דער „נביא היינט", ווייל: „דער עיקר איז דאָך היינט." און דעם „היינט" דערשפּירט אַרמילוס שטענדיק פריער; ער איז אַפילו דער וואָס באַמערקט משיחן דער ערשטער, ער דערפילט אים מערער ווי ער ווייסט וועגן אים, און בינדט זיך צו צו אים שוין אויף שטענדיק, ווייל דער „היינט" איז פאַרביי עם טרעט אין די אייביקייט, דער כולו זכאי. אַרמילוס איז ניט קיין ליץ. ער זאָגט צו משיחן:

ניט וווּנדער זיך אויף מיינע רייד, אָ, גואל,
איך טראָג אין זיך אַ חלק ליבשאַפט,
און אפשר מער נאָך ווי אַ חלק.
די ווייסע לייבשאַפט. די אַנ׳תכליתדיקע, —
מיין קול — דאָס קול פון אַלעמען,
פון כלל.
און אויך מיין פּנים — אַלעמענס.
דעם כללס.

און אַזוי ווי דער כּלל וואַרפט זיך אויפן וועג צו גאולה, פון איין משיח־אידיי צו דער צווייטער, אַזוי וואַרפט זיך אויך אַרמילוס אין שטענדיקער גלויבעניש, אַז אפשר? — אפשר איז דאָס דער ריכטי־קער וועג, אפשר איז דאָס דער אמתער גואל. דערצו האָט ער נאָך די מעלה צו קענען זען היינט דעם קומענדיקן מאָרגן, און באַזיצט דעם כוח אַז דאָס פּאַלק זאָל זיך צוהערן צו זיינע ווערטער.

אין יעדער געזעלשאַפט איז דער דאָזיקער טיפּ אַ לעסטיקער און צו פּיינטשאַפט ווערטיקער, אָבער ביי לייוויקן קומט ער אַרוים ווי אַ נויטווענדיקער, איסער ווי אַ מיטל צו פאַרבינדן די מאַסנהאַפטע פאַסירונגען, וואָס קומען פאָר אין דער משיח־צייט.

אַרמילוס געווינט ניט און גויטיקט זיך ניט אין אונדזער סימ־פּאַטיע. מיר פרייען זיך שפּעטער מיט זיין פאַרשווינדן. זיין טויט זאָגט אונדז אָן, אַז אַן אמתדיקערע צייט, אַ שטאַנדהאַפטיקערע קומט אָן אין אונדזער לעבן. דערווייל איז ער אַ פּראָדוקט פון דער צייט, פון די צעבוואַלטטע זוכענישן אויפן וועג צו גאולה.

* * *

דער תּליון איז אויך דער וואָס פאַרבינדט, דורך זיין האַק, אַלע פּאַסירענישן. —

וואָס וואָלט מאָן
איעדער זיגער
אָן דער בענקשאַפט
פון מיין האַק?

דאָס איז דער פּאַראָל פון תליון. אַזוי באַלד ווי עס טרעט איין דער כולו זכאי, וויל ער אויך זכאי זיין. זיין האַק האָט אָבער נאָך ניט געטאָן די לעצטע אַרבעט.

* * *

אַ גאַנץ אַנדער ראָלע שפּילט דאָ דבורהל. זי איז אַ הויפּט־פיגור און מיט דער שטייגערונג פון דער פּאָעמע שטייגט איר אָנזען און ראָליע — זי איז די געליבטע פון משיח בן־דוד.

דבורהל איז אַן אָפּשטאַם פון דער מהר״ל משפּחה. זי טראָגט דעם זעלבן נאָמען פון מהר״לס איינינקל, צו וועמען דעם גולמס תאווה האָט זיך נאָך געצויגן מיט הונדערטער יאָרן צוריק, אין אַלטן פּראָג. אויף איר בוידעם איז דער גולם אויפגעשטאַנען צום נייעם לעבן.

אויף איר בוידעם האָט ער געחלומט זיין חלום צו משיחן, וואָס איז אויך געווען אַ בענקעניש נאָך פרייד. אין איר שטוב האָט דער אויפֿגעוואַכטער גולם אַריינגעבראַכט משיחן צום ערשטן מאָל, און דבורהל האָט זיך פֿון דעמאָלט אין גאַנצן אָפּגעגעבן צום אמתן משיח. זי, ווי אַן אָפּשטאַמיקע פֿון מהר״ל, דורך דורות און דורות געבונדן אין בלוט מיט אמתע משיח־זוכעניש, גייט נאָך משיחן איבער אַלע זיינע פיין־וועגן. אויך אין תפיסה גייט זי אים נאָך און נעמט פרייוויליק אויף זיך די זעלבע יסורים וואָס ער.*)

די פֿערזענלעכע ליבע פֿון דבורהלען צו משיחן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען פֿון ערשטן טראָט וואָס משיח האָט געשטעלט איבער איר שוועל. משיח האָט שטענדיק אָפּגעווענדט פֿון זיך די דאָזיקע מענטשלעך נאַטירלעכע ליבע. אָבער איז טורמע, צעשלאָגענע דורכן תליון, לויטן באַפֿעל פֿון בן־יוספֿן, האָט דאָס רינענדיקע בלוט פֿון משיחן זיך אַריינגעגאָסן אין בלוט פֿון דבורהלען, און אין איר לייב איז אויפֿגעגאַנגען דער זוימען פֿון אַ ניי־לעבן.

# קום

דער גואל צדק, משיח בן־דוד, קען זיך נאָך אַלץ ניט באַרואיקן, צוליב דעם וואָס זיינע הענט האָבן פֿאַרגאָסן בלוט. ער זיצט נאָך אַלץ אין מאַרטיר־קאַמער אָפּגעשלאָסן פֿון יובלענדיקן פֿאָלק. אַרמילוס באַהאַלט אויס דעם דאָזיקן אמת פֿון פֿאָלק. ער פֿאַרפֿויקט און פֿאַרטומלט דאָס פֿאָלק מיט גאולה־מוזיק. און ווען דאָס פֿאָלק הערט ניט, בעט ער זיך ביי משיחן:

און אויב עס קלאָגט אין דיר געוויסן,
און אויב דו קלאָגסט אויף בלוט פֿאַרגאָסנס, —
נו, זאָג איך דיר:
ס׳געוויסן איז ניט דיינער מער, —
נאָר אַלעמענס. —
דו האָסט קיין רעכט ניט

*) (דבורהל איז, אַגב, ענלעך צו העלואיז — די געליבטע פֿון אַבעלאַר, אין דיכטער לייוויקס גרויס ווערק „אַבעלאַר און העלואיז״)

צו וועלן זיין גערעכטער מער ווי אַלע.
קום אַרויס!

משיחס געוויין איז שוין שטילער געוואָרן. נאָר ווען ער באַווייזט זיך פאַר די וואָס וואַרטן אויף אים, אַרמילוס, יאָסעלע און דבורהלע, האָט ער אַ פעסטע החלטה:

אויף הייסן מדבר־זאַמד איז אויסגעקריצט געוועזן מיין גורל:

מיין גורל איז — גֶעבּאָט פון דורות. —
אָבער קיין רחמים קומט מיר ניט.
און שטוב און טיש, און בעט און רו.
לבנה־ליכט אין שויב — דאָס אַלץ איז ניט באַשערט מיר
ניט ברויט צו טונקען אין פראָסטן זאַלץ,
ניט וואַסער צו טרינקען פון ליימיקן קריגל,
ניט האָלץ צו האַקן, ניט ערד צו גראָבן,
און קינד אין וויג ניט צו וויגן. — —
קיין רחמים קומט מיר ניט.

משיח פילט, אַז רחמים איז עס, צו זיין מענטש פשוטער, אָבער ווער עס איז אויסגעוויילט געוואָרן, דורך אַ געבאָט פון דורות, צו זיין אמתער גאולה־ברענגער, — דעם קומט ניט דאָס גליק צו געניסן פון וועלט און איר פשוטקייט און וויל ער האָט גענאָסן פון דעם גליק, און וויל זיינע הענט זיינען אויך געוועזן גע־צווּנגען צו פאַרגיסן בלוט — וועט ער די שליחות צו איר שלימות ניט קענען דערפירן. דערפאַר איז דער גזר פון „בלוט, אחריות און ליבשאַפט", אַז אויך ער זאָל אַוועק. אָבער דאָס איז ניט נאָר גזר. עס איז אויך נס. — „דער נס פון פשטות". „גזר פון גאולה." און משיח איז גוזר, אַז יאָסעלע זאָל פאַרנעמען זיין אָרט, ווייל —

ביסט איך — נאָר פראָסטער, גאַנצער.

און וויפל יאָסעלע זאָל זיך ניט אַנטקעגן שטעלן, וויפל ער באַמיט זיך אים ניט צו דערקלערן, ווי ליב ער האָט אים, און נאָכמער: אפילו דבורהלען, נאָך וועמען ער האָט הונדערטער יאָר געבענקט — אויך זי שענקט ער אים אַוועק, וויל משיח ניט אָפּטרעטן פון זיין באַשלוס.

יאָסעלעס גרויסקייט שטייגט איצט אַריבער אַלע גרענעצן פון זיין בעצם פיזישער מענטש־געבונדנקייט. —

איך זאָג דיר:
ס'איז ווערט געווען דיין קומען, —
עס זיינען ווערט געווען די תפיסה און די קייטן,
און אַלע שטרויכלונגען און אַלע זינד. —
די וועלט איז גליקלעך היינט, הנינה. —
און אויך מיין האַרץ איז פול מיט גליק און ליבע
צו אַלעמען, צו אַלץ וואָס אויף דער ערד. —

יאָסעלע, דער געוועזענער גולמדיקער חומר, האָט זיך דורך יאָר־הונדערטער דערהויבן צו אַ ליבע צו אַלץ און אַלעמען און צו אַ ראווידיקייט צו פאַרטרעטן, מיט משיחס ווילן, משיחן אַליין. און אַזוי ווי ביידע טראָגן זיי איין פּנים און דאָס פאָלק פאַרבייט זיי, און אַזוי ווי דאָס פאָלק מאָר ניט אָפּגענאַרט ווערן איצט, אין זיין ווילן און בענקשאַפט צו זען אויבן־אָן פון זיין יום־טוב משיחן, — מוז יאָסעלע אים פאַרבייטן. ווייל משיח אַליין איז צו נשמהדיק, צו קענען אַריבערטראָגן דאָס וואָס ער האָט בלוט פאַרגאָסן —

מיין אויג — געווענדט צו דער שאַרף פון האַק,
מיינע הענט — פאַרברענט אין פייער פון בלוט, — — —
אַחריות לויכט אין ליכט פון ליבשאַפט,
די ליפּן זינגען צום געבאָט פון דורות. — —
קיין רחמים קומט מיר ניט. —

אויף אים קען זיך קיינער ניט מרחם זיין, ווייל ער איז די העכסטע רחמנות. און דאָס געבאָט פון דורות איז די אייביקע וויזיע צו משיחן די דאָזיקע וויזיע טאָר ניט אַוועקגערויבט ווערן אַזוי לאַנג ווי ס'איז נאָך דאָ איינער וואָס האָט פאַרגאָסן בלוט — און מעג זיין דער איינער משיח אַליין

ווי יאָסעלע, וויל אויך דבורהל ניט פאַרלאָזן משיחן. נאָר משיח צווינגט זי זי מוז. —

כדי דבורהל זאָל טראָגן מיך אין זיך.

משיח בענטשט דבורהלען, און דורך איר — אַלעמען, ווייל זיין זוימען טראָגט זי אין זיך. פון איר וועט דאַרפן קומען דער ניט־מיט

בלוט באַפּלעקטער משיח, פון דאָס בלוט וואָס האָט זיך אַרויסגעגאָסן פון משיחס צעוווּנדעטע לייב און זיך אין איר מאַרטירער־בלוט אַריינגעגאָסן. אָט דאָס איבערנאַטירלעך לעבנס־גייסט, וואָס איז פּאַרזייט געוואָרן דורך רעוואָלוציאָנערן־בלוט־צוזאַמענמישונג הינטער תּפיסה־קראַטן — וועט אויפגיין אין און דורך דבורהלען.

משיח געזעגנט זיך מיט איר:

זיי געבענטשט צום לעבן.

זיי געבענטשט — זיי שטאַרק.

זיין שטאַרק מיינט — זיין געבענטשט צום לעבן. און דבורהל גייט אַוועק פון משיחן מיטן ליד פון רו און שטילקייט, וואָס זי האָט פאַרנומען אין גאַנצן. און די וועלט גייט ווייטער אין בענקשאַפט נאָכן גאַנצן ליד, פון רו און שטילקייט, נאָכן משיח־טרוים, וואָס ווערט אויסגעטראָגן פון אונטער אַ יעדן האַרץ.

איצט רופט משיח דעם תּליון:

דאָס כּולו זכאי קען נאָך אַלץ ניט אַנשטיין, —
ווייל איינער איז נאָך דאָ אַ חייב.
דו דאַרפסט ניט מורא האָבן. —
מיין ווילן און מיין גזר,
מיין פּסק, מיין וואָרט —
אויך דיר נעם אויף אינגאַנצן.
קום. — —

מיטן זעלבן „קום“ האָט משיח געענדיקט זיין רוף צום פאָלק, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל אויפגעכאַפּט אין מדבר; מיטן זעלבן „קום“ האָט ער זיך געלאָזט מיט יאָסעלען, צו באַפרייען די מענטשהייט. און מיטן זעלבן „קום“ האָט ער איצט גערופן דעם תּליון, ער זאָל אים אומברענגען — כּדי איבערצולאָזן די בענקשאַפט אין פאָלק, וואָס וואַרט דורך טויזנטער יאָרן אויף זיין קומען, כּדי איבערצולאָזן פאַר דער וועלט דעם משיח־טרוים, וואָס דאַרף פאַרווירקלעכט ווערן באחרית הימים.

סוף

## נאָכוואָרט:

די דאָזיקע אַרבעט איז ניט קיין פּאַרמעסט צו אַן אָפּשאַצונג, פון אונדזער גרויסן קינסטלער — דעם דיכטער ה. לייוויק. עס איז נאָר אַ ווילן צו געבן אַן אָנרעגונג, דער עיקר פאַר אונדז דאָ, פאַר דער שארית־הפליטה, זיך גרונטיקער צו פאַרטיפן אין לייוויקס שאַפן און צו דערזען אונדזער היינטצייטיקן אידייען־געראַנגל אין ליכט פון דער יידיש געשיכטלעכער משיח־דראַמע, דורך דער פּריזמע פון לייוויקס דראַמאַטישע פּאָעמעס.

זאָל אונדזער דור פאַרגינט זיין דערגיין צום כולו זכאי, צו דער אמתער גאולה.

דריטער שארית החורבן יאָר, מינכען, האַרבסט 1947.